די געשעענישן און די העלדן אין דעם ראָמאַן זענען געבוירן געוואָרן אין דער פֿאַנטאַזיע פון מחבר און האָבן נישט קיין שייכות מיט מענטשן וואָס האָבן באמת עקסיסטירט.



וועלט
ראַט
פאַר ייִדיש
און ייִדישער
קולטור

פארלאג
י.ל. פרץ
ישראל

יהודה עלבערג

# אַ מענטש איז נאָר אַ מענטש

ראָמאַן

אַרויסגעגעבן דורכן
וועלטראַט פאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור
תל־אביב, תשמ״ג — 1983

**Yehuda Elberg**

---

# A MENTSH IS NOR A MENTSH

**A NOVEL**





I. L. Peretz Publishing House
14, Brener Str., Tel-Aviv, ISRAEL
פאַרלאַג י.ל. פרץ, תל־אביב, רח׳ ברנר 14

נדפס בישראל, תשמ״ב
Printed in Israel 1983

נסדר בלינו־טור, רח׳ יסוד המעלה 39, ת״א
נדפס בדפוס מ. ערבה, רחוב לבנדה 36, ת״א

I

„העי, דו, וואָס טוט זיך מיט דיר? לעש אויס דאָס ליכט!"

„כ'האָב דיך אויפגעוועקט?"

„כ'האָב דיך אויפגעוועקט", האָט דער שכן אין דער צעל אים נאָכגעקרימט, „ער פרעגט נאָך צי ער האָט מיך אויפגעוועקט. לעש אויס!"

„אַז דו ביסט שוין אויף — — — מאָרגן וועל איך שוין זײַן אין אַ ריכטיקער תּפֿיסה־צעל. מאָרגן און איבער מאָרגן, און — — —"

„לעש אויס דאָס ליכט".

„די לעצטע נאַכט אין ניו־יאָרק — — — אַז ס'איז אונדז באַשערט צו זײַן צוזאַמען — — —"

„אַ גליק האָט מיך געטראָפן! כ'האָף, אַז מיר'ן נישט זײַן צוזאַמען אין סינג־סינג".

„דו ביסט שוין געשלאָפן, האַ? הלוואַי איך וואָלט געקאָנט שלאָפן. הלוואַי איך וואָלט שוין געקאָנט אײַנשלאָפן אויף גוט. זײַ מוחל וואָס כ'האָב דיך אויפגעוועקט, די פינצטערניש האָט פּלוצלינג גענומען שווערן אויף מיר ווי אַ מוראדיקע משׂא, ווי די וועלט וואָלט צעזעצט געוואָרן און דאָס גאַנצע בראָכוואַרג איז געפאַלן אויף מיר און שטיקט מיך..."

„כ'האָב מורא, אַז זיי האָבן געמאַכט אַ טעות מיט דיר..."

„פון וואַנען ווייסטו?"

„מע האָט דיך געדאַרפט שיקן אין אַ שפּיטאָל, נישט אין תּפֿיסה. מע האָט דיך דאָ אַרײַנגעבערענגט נאָך פאַר מיטאָג, דו ביסט געווען שטום ווי אַ פיש. איך בין געלעגן אין מײַנע געהאַקטע צרות, און דו — אין דײַנע. איצטער, אין מיטן נאַכט האָט זיך דיר די צונג צעבינדן".

„די צונג איז מײַן גרעסטער שׂונא. ווען כ'האָב באַדאַרפט שווײַגן, האָט

די צונג זיך צעבונדן, ווי דו זאָגסט. ווען כ׳האָב באַדאַרפט אַרויסקומען מיטן אמת, האָב איך געשוויגן״

„דו ווילסט זינגען ?״

„זינגען ? וואָס עפּעס זינגען ? כ׳וויל גיכער וויינען״.

„אוי, דו ביסט, זע איך, גאָר אַ יאָלד. כ׳פרעג, צי דו ווילסט עמעצן איינרעמען ?״

„וואָס הייסט — — — ?״

„צי דו ווילסט אַרויפלייגן דעם בייגל אויף עמעצן אַנדערש, ווערן אַ גרעפּצער — — — כ׳מיין, צי דו ווילסט סליחהנען ?״

„דו מיינסט אינקרימינירן ? וואָס דען זאָל איך טאָן, פוילן אין סינג־סינג פאָר יענעמס זינד ?״

„און אַז ווערסט שוין אַריינשלעפּן דיינע שותפים, וועט עס דיר דען העלפן ?״

„וואָס פאָר אַ שותפים ? כ׳על דיר אויסזאָגן אַ סוד : כ׳בין אומשולדיק ווי אַ לאָם״.

„ברודערקע, אַלע זאָגן דאָס. איך האָב אויך אַזוי געזאָגט ווען כ׳האָב זיך אויסגעגליטשט צום ערשטן מאָל, כאָטש כ׳בין שוין געווען אַ גנב אין דער מאַמעס בויך. וואָס מיינסטו, די ריכטערס זענען פריערס און ווען דיר גלייבן אויפן וואָרט ? זיי זענען געביפטע חברהלייט און ווערסט זיי נישט פאַרטשאַקען מיט אויסריידן און מיט גנבישע טרערן. דו הער אויף זיך איינ־רעדן, אַז דיין צונג איז אַ שרויפן־ציער און קאָן דיך אַרויסשלעפּן פון דאַנען. דו קאָנסט שפּילן אַ לעמעלע און האָפן אויף פּאַראָל, אָבער אויב דו ווערסט פּראָבירן לייגן דעם בייגל אויף אַנדערע — — —״

„אָבער איך בין אומשולדיק, דאָס איז דער ריינער אמת״.

„אַ שקר־בילבול, האַ ? מע האָט דיך ,איינגערעמט׳, דיר אונטערגע־שטעלט אַ פיסל, האַ ? אַלע זאָגן דאָס. דו מוזסט אויסטראַכטן עפּעס נייס. אויפזינגען אַ לידל וואָס זיי האָבן נאָך נישט געהערט״.

„איך אַליין האָב זיך אונטערגעשטעלט אַ פיסל...״

„דאָס איז אַ ניי לידל. און דער ריכטער האָט דיר נישט געגלייבט ?״

„איך האָב עס נישט געזאָגט דעם ריכטער, דאָס מוז בלייבן אַ סוד״.

„עס מוז בלייבן אַ סוד, האַ? טאָ פאַר וואָס זאָגסטו עס מיר?"

„כ'ווייס נישט פאַר וואָס איך זאָג עס דיר. צו עמעצן מוז איך עס זאָגן".

„האָסט עס געזאָגט צו דיינע אייגענע?"

„מיינע אייגענע? מאַשאַ האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר מיטן רוקן און אַפילו נישט געקומען אין געריכט צום פּראָצעס".

„דיין ווייב?"

„מיין ווייב? כ'האָב נישט קיין ווייב. דאָס האָט מיין ברודערס טאָכטער זיך אַזוי אָנגעברוגזט, וואָס איך האָב געבראַכט חרפּות אויף איר און אויף איר טאַטן. איך בין גאָר אים שולדיק די באָבעס ירושה... ס'איז צו לאַכן ס'גרעס־טע געלעכטער!"

„דיין ברודער האָט דיר אונטערגעשטעלט אַ פיסל?"

„דער אמת איז, אַז איך בין אַליין געקראָכן מיט מיין געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנק בעט אַריין. ‚מיט אַ געזונטן קאָפּ', האָב איך געזאָגט? מיט אַ קראַנקן קאָפּ!"

„הער מיך אויס, ברודערקע, כ'ווייס נישט וואָס עס איז דיין שאַכער־מאַכער, אָבער לויט ווי דו דרייסט מיט דער צונג אַהין און אַהער, מוזסטו זיין איינער פון די געטאָקטע אינטעליגענטלעך וואָס טוען אַלץ אָפּ מיט איידעלע הענטעלעך און מאַניקירטע נעגעלעך. ווי דו קוקסט מיך אָן, בין איך אַ פּראָסטער נפש. צו מיר דאַרף מען רעדן אָפן, קלאָר און פּראָסט, און ———שווייג, זאָג גאָרנישט. כ'וויל נישט דו זאָלסט רעדן. כ'וויל דו זאָלסט אויסלעשן דאָס ליכט און איינגעמען שטומוואָסער".

„פאַר וואָס ביסטו ———"

„דו ווילסט רעדן? מאַך עס פּשוט, קורץ און בינדיק, איך חלש שלאָפן".

„פּשוט, קורץ און בינדיק: קוק אויף מיר איידער איך לעש אויס דאָס ליכט, דו זעסט פאַר זיך אַ משוגענעם, אַן אידיאָט!"

„דאָס זענען די ערשטע ווערטער דיינע, וואָס ווייזן אויס צו זיין קלאָר און אמתדיק. לעש אויס דאָס ליכט".

לעאָן האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט און זיין שכן האָט באַלד גענומען כראָפּען. יענער גלייבט אים נישט, אַז ער איז נישט שולדיק, גלייבט אַפילו נישט, אַז ער איז אַ קראַנקער מענטש. דער דאָקטער האָט געזאָגט אַז ער

האָט נאָך צוויי יאָר; הלוואַי ער זאָל דאָס אויך נישט האָבן. הלוואַי ער זאָל קריגן אַן אַפּאָפּלעקציע שוין דאָ אויפֿן אָרט. זאָל דער ריכטער, דער פּראָ־קוראָר — זאָלן זיי אַלע זען וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן.

## II

„איר זיצט צו פֿיל צווישן פֿיר ווענט. אַפֿילו אײַערע וואַקאַציעס פֿאַר־ברענגט איר אין דער היים מיט אײַערע פּאָסטמאַרקעס. פֿאָרט אַרויס צום ים, אין די בערג. איר זיצט אין שטוב ווי אין אַ תּפֿיסה". אַזוי האָט אים געעצהט דער דאָקטער ווען ער האָט זיך באַקלאָגט אויף קאָפּווייטיק. איצט וועט ער מער נישט זיצן ווי אין אַ תּפֿיסה, ער וועט זיצן צווישן די פֿיר ווענט פֿון סינג־סינג.

„סינג־סינג". ער האָט עס טויזנטער מאָל געהערט דורך ראַדיאָ, געלייענט וועגן דעם אין די צײַטונגען, אָבער ס'איז אים קיין מאָל נישט אײַנ־געפֿאַלן — — ס'האָט אים נישט געקאָנט אײַנפֿאַלן, אַז מע וועט אים דאָרט פֿאַרטשוואָקעווען אויף דער רעשט פֿון זײַן לעבן. „זיי וועלן נישט פֿאַרמישפּטן אַ קראַנקן מענטש", האָט ער זיך אײַנגערעדט. זיי האָבן פֿאַרמישפּט, און דער אורטל, וואָס דער ריכטער האָט נעכטן אַרויסגעטראָגן, איז ערגער, טויזנט מאָל ערגער ווי דער אורטל וואָס דער דאָקטער אין דעם מעמאָריאַל־שפּיטאָל האָט אַרויסגעטראָגן מיט אַ האַלב יאָר צוריק. ס'איז ערגער ווײַל ס'הייבט זיך אָן שוין איצט, ס'איז ערגער ווײַל — יענער אורטל, דעם דאָק־טערס, טראָגט נישט מיט זיך קיין חרפּה.

„כ'האָב מורא איך האָב פֿאַר אײַך נישט קיין גוטע נײַעס", האָט דער דאָקטער געזאָגט, און ער האָט זיך גאָר נישט דערשראָקן. מידקייט, געהע־כערטע טעמפּעראַטור — זיכער טובערקולאָז, האָט ער שוין לאַנג אַליין געהאַט געשטעלט זײַן דיאַגנאָז. הײַנט איז טובערקולאָז מער נישט געפֿער־לעך. ער וועט אָוועקפֿאָרן קיין אַריזאָנאַ און — — עס איז סײַ ווי גוט ער זאָל אויף עטלעכע חדשים אָוועק פֿון זײַן ברודער און דעם ברודערס טעכטערל.

„ס'איז מער נישט פֿאַראַן קיין שום ספֿק, איר האָט עס", האָט דער דאָקטער געזאָגט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

דער דאָקטער גיט עס אים מיט איינצלנע טראָפּנס און ער נעמט עס זיך גאָר נישט צום האַרצן. נישט צו פאַרשעמען דעם דאָקטער וואָס מאַכט אַזאַ טראַגישע מינע, האָט ער אַ פרעג געטאָן: „וואָס ?"

„לוקעמיע".

„לוקעמיע ? וואָס עפּעס פּלוצלינג לוקעמיע ?"

„איך האָב שוין לאַנג חושד געווען. איצט, אַלע אַנאַליזעס באַשטעטיקן עס".

„לוקעמיע איז דאָך קענסער, אַ קענסער פון בלוט".

„ריכטיק".

„היילעוודיק ?"

„מען מאַכט כּסדרדיקן פּראָגרעס. געוויסע מינים — — —"

„מײַן מין ?"

„ווי כ'האָב געזאָגט, די מעדיצין שטייט נישט אויף אַן אָרט. מע האָפט — — —"

„דערווײַל ?"

„מע דאַרף האָפן".

ער איז אַרויס אַ צעחושטער און איז אַרײַן אין אַ ווינדע וואָס איז געגאַנגען אין דער פאַרקערטער ריכטונג; אַנשטאָט איין גאָרן אַראָפּ, האָט עס אים גענומען צוואַנציק גאָרנס אַרויף. עפּעס איז געווען קאַליע, אָדער אַן אידיאָטיש יינגל האָט אַרײַנגעקוועטשט אַלע קנעפּ אין דער אויטאָמאַטישער ווינדע אויפן וועג אַראָפּ און זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף יעדן גאָרן. אויף יעדן, חוץ אויף דער מעזאַנין, ווו דער דאָקטער האָט זײַן ביוראָ. ער איז אַרויפגעלאָפן די טרעפּ און אַרײַנגעפאַלן אין דעם דאָקטערס אויפנעם־שטיבל. אַ פרוי האָט אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש, זי האָט זיך געהאַלטן אין אויסטאָן. דער דאָקטער איז דאָרט נישט געווען. ער איז געלאָפן איבער די צימערן, די סעקרעטאַרין האָט אים פאַרבירט צוריקהאַלטן. ער איז סוף־כּל־סוף אַרויפגעלאָפן אויפן דאָקטער און אים אָנגעכאַפּט בײַ די לאַצן.

„מיסטער טאַרנאָווסקי, וואָס איז געשען ?"

„דאָקטער, איך האָב פײַנט אַז מע שפּילט זיך מיט מיר ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז. וויפל איז מיר געבליבן ?"

„אַרום דרײַ יאָר", האָט דער דאָקטער געענטפערט נאָך אַן איבערטראַכטן.

„וואָס מיינט ,אַרום' דרײַ יאָר? מער ווי דרײַ? ווייניקער?"

„מע קאָן נישט וויסן גענוי, איר האָט נאָך גוטע צוויי־דרײַ יאָר".

„צוויי, אָדער דרײַ?"

„אפשר צוויי און אפשר דרײַ".

„און אפשר מער?"

„אפשר. בײַ גאָט איז אַלץ מעגלעך".

„אויב איך וואָלט וועלן פרעגן וועגן גאָט, וואָלט איך געגאַנגען צו אַ ראַבײַ. איך וויל אַ קלאָרע, פּרעציזע, מעדיצינישע דיאַגנאָזע". לעאָן איז אַנטשוויגן געוואָרן אויף אַ רגע און ווײַטער געפרעגט, איצט שוין מיט אַ שטיל קול און מיט געבעט: „קאָן עס מעגלעך זײַן, אַז איך האָב מער ווי דרײַ יאָר? אפשר פינף? אפשר גאָר צען?"

„אַ דאָקטער איז אַ דאָקטער און נישט אַ נביא. ער באַמיט זיך פעסט־צושטעלן וויפל עס איז מעגלעך פעסטצושטעלן אין לאַבאָראַטאָריעס; ער נעמט אין אַכט סימפּטאָמען, פּראַקטיק מיט אַנדערע קראַנקע, און שאַצט דאָס אַלץ אָפּ. עס טרעפט אָפט, אַז דער גוף באַזיצט מער ווידערשטאַנד־פעיִקייט וויפל דער דאָקטער מיינט. נאָר טויט קאָן מען פעסטשטעלן גענוי און פּרעציז. איך האָב אײַך געזאָגט ווי איך זע אײַער מצב און דאָס איז אַלץ וואָס איך קאָן אײַך זאָגן".

ווי האָט ער זיך געקאָנט האַלטן יאָרן בײַ דעם פּאַרשוין? דאָס איז נישט אַ דאָקטער, נאָר אַ קצב. „נאָר טויט קען מען פעסטשטעלן גענוי און פּרעציז", יענער האָט שוין מורא טאָמער וועט ער, חלילה, געזונט ווערן און באַווײַזן ווי פאַלש עס איז געווען די דיאַגנאָזע. זײַן אייגענער דאָקטער ווינטשט אים דעם טויט. צו וועמען זיך ווענדן? ווו זאָל ער זוכן הילף? ער האָט פײַנט דעם דאָקטערס אַנגעפּרעסענעם, צופרידענעם פּרצוף, פײַנט ווי אַ שפּין!

דער דאָקטער האָט געזאָגט, ער האָט נאָך גוטע צוויי יאָר. ווי ער האָט זיך אַנגעכאַפּט אין דעם וואָרט „ג וּ ט ע". ער וועט טאָן אַלץ אין דער וועלט, די צוויי יאָר זאָלן זײַן גוטע יאָרן. פאַרתּכלעוועט קנאַפּע פופציק יאָר, מער ווי אַ העלפט פון זיי אין דעם רײַכן, שיינעם אַמעריקע און —— ער האָט דאָך אַפילו נישט געזען די שיינע ווינקלען פון אַמעריקע. ער וועט פאָרן

צום גראַנד־קעניאָן, צו די ראָקי־בערג, ער וועט פאַרברענגען בײַם ניאַגאַראַ־פאַל און אין יעלאָסטאָון־נעשאַנאַל־פּאַרק. ער ווערט איצט שנעל מיד ווען ער זיצט בײַ זײַנע פּאָסטמאַרקעס. וועט ער נעמען דעם אַלבום פּייסאַזשן, די מאַרקעס מיט בילדער פון אַמעריקעס שענסטע פלעצער און וועט אַרומ־פאָרן זיי פאַרגלײַכן מיט דער נאַטור. אַנשטאָט מאַרקעס, שטיקלעך פּאַפּיר, וועט ער זאַמלען אײַנדרוקן, פאַרגעניגן.

זינט בערנאַרד און מאַשאַ זענען געקומען פון רוסלאַנד, קאָן ער מער נישט הנאה האָבן פון זײַן פילאַטעליסטיק. ערשט דאָ נישט לאַנג האָט ער איבערגעלאָזט נאָסע מאַרקעס אויסגעשפּרייט צו טריקענען, האָט ער שפּע־טער דערויף געפונען מאַשאַס זאָקן. נאָך דעם ווי ער וועט מער נישט זײַן, וועלן אַפילו אירע אונטערהייזלעך זײַן באַקלעפּט מיט זײַנע מאַרקעס. אָבער צו וואָס טראַכטן וועגן סוף? אַלע זײַנע יאָרן האָט ער אָפּגעלעבט אָן פרייד, ער וועט זיך מוזן אויסלערנען אויסצולעבן יעדע מינוט, יעדע רגע וואָס איז אים געבליבן.

III

די גאַנצע נאַכט נאָך דעם איז ער געלעגן אין בעט מיט ברענענדיקע, אָפענע אויגן, אַ היץ אין קאָפּ, און אַן ענגקייט אין דער ברוסט. ער איז אײַנגעשלאָפן נאָר אויף אַ דרײַ שעה און אויפגעשטאַנען מיט אַ באַנײַטער ענערגיע. ווען נישט די לוקעמיע וואָלט ער אפשר געפּטרט זײַן גאַנץ לעבן אָן הנאה צו האָבן פון איין טאָג. חוץ דער נסיעה קיין מיאַמי, ווען די אַסטמע האָט אים געטריבן, האָט ער אַלע מאָל געפונען אַ תּירוץ נישט צו נעמען קיין וואַקאַציע. צו ערשט זיך נישט גערירט פון אָרט, טאָמער וועט מען רופן פון רוסישן קאָנסולאַט וועגן זײַן אַפּליקאַציע אַריבערצוברענגען בערנאַרדן און זײַן משפּחה. געקומען אַ ברודער נאָך פיר און צוואַנציק יאָר נישט זען זיך, נאָכן אַדורכמאַכן אַלע פּורעניות, אונטער היטלערן — ווי האָט ער געקאָנט זיך אויפהייבן, אוועקפאָרן און זיי איבערלאָזן? איצט איז ער מיט אַ מאָל קליגער געוואָרן, און צוויי יאָר איז בעסער ווי גאָרנישט. ער וועט אַ גאַנץ לעבן אַרײַנפּאַקן אין די צוויי יאָר.

ער איז אַרויס אין גאַס און צוריקגעקומען מיט גאַנצע פּעק פּאַמפלעטן

פון פאַרשידענע פאַר־אָגענטורן. ווען ער האָט שוין באַדאַרפט איינצאָלן פאַר אַ בילעט, האָט ער פּלוצלינג באַשלאָסן צו אַרבעטן נאָך עטלעכע חדשים, ער זאָל האָבן אַ גאַנצן חודש באַצאָלטע וואַקאַציע און אַ העכערן סעווערענס־געהאַלט. אָפּגעאַרבעט נאָך עטלעכע חדשים און נאָך געוואָלט סאָרטירן און אַרייַנקלעפּן זייַנע לעצטע מאַרקע־זאַמלונגען. ער איז שוין געווען גרייט. דאָס מאָל איז ער באמת שוין געווען גרייט און פּלוצלינג —— ווי אַזוי איז דאָס געשען צו אים?

אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט די ווענעציאַנער בלינדערס, ווען בערנאַרד איז אַלע מאָל צוגעלאָפן צום פענצטער, מיט די פינגער צעשפּרייט און געמאַכט אַ שפּאַרע צווישן צוויי בלינדערס און אַרויסגעקוקט. פּלוצלינג ——

ניין, אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט פינף יאָר פריער. אָנגעהויבן האָט עס זיך אין מיאַמי.

זייַן הייפיבער איז דאָס יאָר געווען ערגער ווי אַלע מאָל. אין די פריער־דיקע יאָרן האָט דער דאָקטער אים געגעבן קאָרטיזאָן און עס האָט געהאָלפן. דאָס מאָל זענען די אויגן אים פאַרזונקען אין אַ באַרג געשווילעכץ און דער דאָקטער האָט אָפּגעשטעלט דעם קאָרטיזאָן. די אויגן האָבן געביסן און געטרערט, די נאָז רויט און פאַרשטאָפּט, די אָסטמע איז אים באַפאַלן און געמוטשעט מיט ביטערער רציחה, ווי זי וואָלט געוווסט אַז ער האָט נישט מיט וואָס זיך אָפּצווערן. ער האָט געחלשט שלאָפן און נישט געקאָנט צוטאָן קיין אויג, געראַנגלט זיך אַרייַנצוציִען אַ ביסל אָטעם. „דאָקטער, טוט עפּעס, כ'קאָן עס מער נישט אויסהאַלטן", האָט ער זיך געבעטן.

אויף דער עצה פון דאָקטער איז ער אַוועקגעפאָרן קיין מיאַמי. ער איז אָנגעקומען אין האָטעל אַרייַן אין מיטן נאַכט. ער האָט אַוועקגעשטעלט אויפן נאַכטטישל אַלע זייַנע פּילן, די צווייערליי פליסיקייטן אַרייַנצושפּריצן אין דער נאָז, און זיך אַריינגעלייגט אין בעט.

אין דער פרי, נאָך איידער ער האָט געעפנט די אויגן, האָט ער אויס־געשטרעקט די האַנט צום נאַכטטישל, שוין געוואָלט אַרייַנשפּריצן אין דער נאָז, און זיך געכאַפּט, אַז ער אָטעמט פרייַ. דער הייפיבער איז נעלם געוואָרן. ער האָט אויסגעראַנגלט די גלידער און אַרויס צום ים.

געשווומען אַ צען מינוט און מיד געוואָרן. ער און דער ים און מער

קיינער נישט. סעפּטעמבער איז צווישן סעזאָנען. אַ ליידיקער ים, אַ פּוסטער ברעג. אויך דער האָטעל איז געווען ליידיק. אַפילו הינטערן רעגיסטריר־טיש איז קיינער נישט געווען. נאָר אַ גלעקל איז דאָרט געשטאַנען, אַ גלעקל אַנשטאָט אַ מענטש. ער האָט נישט געקלונגען מיטן גלעקל. עמעץ וועט אַרויסקומען פרעגן וואָס ער וויל, און ער ווייסט אַפילו נישט וואָס ער וויל.

ער איז אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן פון מיאַמי־ביטש. די מייסנטע רעסטאָראַנען געשלאָסן. אין אַן אָפענער קאַפעטעריע זענען יאָ געזעסן צוויי פרויען. אַן אַלטער מאַן איז נאָך צו פאַרטראָגן, אָבער אַ פרוי מיט אַ טרוקע־נער, צעקאָרבטער, לעדערנער הויט, מיט אַ שלאַבעריק לײַב וואָס יורדט אַריבער דעם דעקאָלט פון צו פיל אויסגעשניטענעם קלייד... אפשר קאָן ער פאַרטראָגן אַלטע מענער ווײַל ער איז גלײַכגילטיק צו זיי. ער האָט געחלשט זען אַ יונגן מענטש מיט אַ פרישער הויט און האַפטיקע גלידער. פאַר וואָס טאָקע נישט אַ פרוי? זינט דער הייפּיבער איז אים באַפאַלן ——— ער וועט גאָר זוכן אַ פרוי.

די מייסנטע באַרס זענען געווען געשלאָסן, די אָפענע זענען געווען ליידיק. עס איז שוין געווען שפּעט, נאָך האַלבער נאַכט, ווען ער האָט זיך אָוועקגעזעצט אין אַ צווייטראַנגיקן באַר אויף אַ ווײַטער גאַס נעבן דער בוכטע. עטלעכע פאַרוויאַנעטע מענער האָבן געזופּט ביר און זיך צוגעקוקט צו אַ געפעכט אויף טעלעוויזיע. ער האָט שוין בדעה געהאַט אַרויסצוגיין ווען אַ פרוי איז אַרײַנגעקומען. אַ פרוי וואָס קומט אַליין אין אַ באַר אַזוי שפּעט בײַ נאַכט איז צום האָבן, אָבער ער וועט וואַרטן אויף אַ יינגערער און אַ שענערער. צו דער פרוי האָט זיך צוגעזעצט עפּעס אַן אַלטער שיכּור און באַשטעלט פאַר איר אַ טרונק. ער האָט געוואַרט און געוואַרט. קיינער איז מער נישט אַרײַנגעקומען און דער שיכּור האָט נישט אָפּגעטראָטן פון דער פרוי. זי איז אַרויס מיט אים. וואָס דאַרף זי אַזאַ שיכּור? זי האָט אים געמוזט אונטערהאַלטן, ער זאָל קאָנען גיין.

עס האָט שוין געטאָגט. מער קיין פרויען זענען נישט געקומען און די ערשטע איז אויך נישט צוריקגעקומען. יינגער פון יענע צוויי ווײַבער אין דער קאַפעטעריע איז זי דאָך געווען. אַנהייבן אַ שמועס מיט די שיכּורים? זיי וועלן אַפּלאַכן פון זײַן שווערן רוסישן אַקצענט, זיי וועלן ——— נעכטן

האָט ער געהאַט פּילן קעגן קאָפּווייטיק, פּליסיקייטן אַרײַנצושפּריצן אין דער נאָז, הײַנט האָט ער גאָרנישט. די נאָז רינט נישט, די אויגן טרערן נישט, און דאָרט וואָרט אויף אים אַ ליידיק צימער אין אַ פּוסטן האָטעל אויף אַ פאַרלאָזטן ים־ברעג. געכטן איז אים בעסער געווען ווי הײַנט...

## IV

ער איז אַ באַזאָכטער, נישט איבערגעאײַלטער און באַרעכנטער מענטש. ווען מע האָט אים פאַרגעלייגט אַ שענערע דירה, ווען ער האָט געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַקומען אַ בעסער באַצאָלטע פּאָזיציע אין אַן אַנדערער פירמע, ווען נאָר ער האָט באַדאַרפט באַשליסן עפּעס וואָס איז געווען קלאָר און שכלדיק, האָט ער עס אַרומגעטראַכט און איבערגעטראַכט, איבערגעלייגט זיך, און אָפּגעלייגט ביז עס איז געוואָרן צו שפּעט. ער וויל זיך גאָר נישט דערמאָנען וואָס ער האָט אַלץ אָנגעווירן אין זײַן לעבן פון צו פיל איבער־לייגן זיך און פון נישט קאָנען אָננעמען אַ באַשלוס און מאַכן דעם געהעריקן שריט. אָבער ווען עס פאַלט אים אײַן עפּעס אַ משוגעת, לויפט ער מיטן ערשטן אימפּולס און שפּרינגט אַרײַן דערין מיט הענט און פיס, לײַב און לעבן.

דאָס בעסטע וואָס איז אַרויסגעקומען פון זײַן אַוועקפאָרן קיין ניו־יאָרק איז געווען דאָס, וואָס ער איז פּטור געוואָרן פון זײַן ברודערל מיט זײַן זאָשאַ, יאָ? אין אַ מינוט פון משוגענער אַליינקייט אין מיאַמי־ביטש, האָט ער אַוועק־געשיקט אַ בריוו קיין לעמבעריק, באַלעק (אין דער היים האָט בערנאַרד זיך גערופן „באַלעק") און זאָשאַ זאָלן מיט זייערע צוויי טעכטער קומען צו אים קיין ניו־יאָרק. ווי נאָר ער איז צוריקגעקומען פון מיאַמי האָט ער גענומען לויפן פון אָמט צו אַמט, פון אַדוואָקאַט צו אַדוואָקאַט צוצואײַלן דאָס קומען. דרײַצן יאָר איז ער געווען אין ניו־יאָרק אַליין און איז צופרידן געווען צו זײַן אַליין. און פּלוצלינג איז אים יעדער טאָג וואָרטן, יעדע שעה אַליין געווען צו שווער אויסצוהאַלטן.

אפשר איז ער אַזוי געלאָפן און געיאָגט און צוגעאײַלט זייער קומען ווײַל ער האָט זיך אַליין נישט געטרויט? עס איז שוין געשען אין זײַן לעבן אַז

ער איז געווען ענטוזיאַסטיש וועגן עפּעס, ממש נישט געקאָנט זיך דערוואַרטן עס זאָל קומען די שעה, און ווען די שעה איז געקומען האָט ער געקראָגן קאַלטע פיס, צוריקגעהאַלטן זיך פון דעם לעצטן שריט, און...

ער וויל נישט טראַכטן וועגן יענער געשעעניש און ווידער צוריקברענגען גריזשעניש און נעכט אָן שלאָף. אויב אין אַנדערע פאַלן איז זיין חרטה געווען קעגן יעדער לאָגיק, איז עס דאָ פונקט פאַרקערט. דאָס אַראָפּברענגען זיין ברודער איז געווען קעגן יעדער לאָגיק און אַ חרטה וואָלט באַוויזן, אַז ער האָט נאָך נישט אין גאַנצן פאַרלוירן דעם שׂכל. די מעשׂה זאָשאַ איז נישט דאָס איינציקע וואָס ער האָט געהאַט קעגן זיין ברודער. צוויי פאַרשוינען האָבן אים טעראָריזירט אין זיינע קינדער־יאָרן. באַלעק, מיט זיין שיין פּנימל און אָנשטעל פון אַ נעבעכל, האָט אים טעראָריזירט מיט זיינע טרערן — אין דער היים; וולאַדעק, וואָס האָט שוין ווי אַ קינד נישט געהאַט קיין שום סקרופּלען, האָט אים טעראָריזירט אין שול און אין גאַס.

וולאַדעק באַנדוראַ האָט אייגנטלעך זיך אָנגענומען פאַר אים ווען די אַנדערע יונגען אין קלאַס האָבן אים גערופן „זשיד" און אים אָנגעטאָן אַלערליי שיקאַנעס. וולאַדעק האָט שוין אַוודאי געהאַט געזען וואָס פאַר אַ געשמאַקע שניטקע ער עסט ביי דער מיטאָג־פּויזע. אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט געבן וולאַדעקן אַ שטיקל פון זיין שניטקע; עס האָט נישט לאַנג געדויערט און וולאַדעק האָט אַלץ צוגענומען.

עס איז געווען באַלד נאָך דער מלחמה, אָבער ביי זיי אין שטוב איז געווען פון שענסטן און פון בעסטן. די מאַמע האָט געהאַט פּאַציענטן וואָס זענען געקומען פון די דערפער און באַצאָלט מיט פּוטער, אייער און הינער. ער האָט געלערנט אין שול ביז פיר נאָך מיטאָג, האָט ער געדאַרפט עפּעס עסן בעת דער צווייטער פּויזע. די מאַמע האָט אים מיטגעגעבן ווייס ברויט מיט פּוטער און קעז, אָדער מיט עטלעכע פליטשן איי. וולאַדעק האָט צו ערשט פאַרגעלייגט אַ בייט, אַ העלפט פון זיין ברויט פאַר אַ העלפט פון דער שניטקע. אין גיכן האָט ער אַוועקגעגעבן וולאַדעקן אַלץ, אַפילו דעם עפּל אָדער די באַרנע וואָס די מאַמע האָט אַריינגעלייגט אין זיין טעקע. וולאַדעק האָט אים צוריקגעגעבן נאָר פּראָטעקציע קעגן די שלעגערס פון דער שול.

ער האָט געגנוג סיבות חושד צו זיין, אַז וולאַדעק אַליין האָט אויפגעהעצט

די יונגען און זיי אַנגערייצט צו טשעפּען זיך צו דעם יִדליקל. וולאַדעקס באַלעם האָט צו אָפּט, מכלומרשט נישט װעלנדיק, געטראָפן אין זײַן קאָפּ און איין מאָל שיִער נישט אים אויסגעהאַקט אַן אויג.

V

ווען די מאַמע האָט אים פאַרשריבן אין קינדער־גאָרטן, האָט ער געוויינט און געקלאָגט און זיך נישט געלאָזט פירן אין שול אַרײַן. די מאַמע האָט עס אים פאַרגעוואָרפן אַפילו ווען ער איז שוין געווען אַ גרויסער. זי האָט געזאָגט, אַז דאָס האָט ער דעמאָלט נישט פאַרגינען באַלעקן צו בלײַבן אין דער היים און האָבן די מאַמע אין גאַנצן פאַר זיך אַליין. אַזוי האָט איר דעמאָלט געזאָגט אַ פּסיכאָלאָג און אַלע האָבן מסכּים געווען, אַז דאָס איז עס. וואָס וואָלט געווען דעם פּסיכאָלאָגס דיאַגנאָז ווען ער הערט, נישט וועגן די צרות וואָס ער טוט אָן באַלעקן, נאָר וואָס דאָס צדיקל באַלעק טוט אָן אים? פון וואַנען האָט עמעץ געזאָלט וויסן וואָס ער האָט זיך אָנגעליטן אין שול? די מאַמע האָט געפירט מיט אים גאַנצע מלחמות ווען ער האָט נישט געלאָזט אויסלעשן דאָס ליכט ווען ער איז געגאַנגען שלאָפן. ער האָט איר געזאָגט, אַז ער האָט שלעכטע חלומות, אָבער זי איז געווען אַזוי איבערגעצײַגט אַז ער איז אַ ליגנער, אַז זי האָט אים נישט געגלייבט. דער אמת איז, אַז ער האָט מורא געהאַט אײַנצושלאָפן ווײַל דער טעראָר פון דער שול איז צוריקגעקומען צו אים אין בייזע חלומות. אפשר האָט דאָס גורם געווען, ער זאָל זײַן גאַנץ לעבן לײַדן פון אינסאָמניע. ער האָט נאָך אין די קינדער־יאָרן זיך צוגעוווינט צו ליגן וואַך אין די נעכט.

נישט געגעסן גענוג, נישט געשלאָפן געגוג, איז ער געוואָרן בלאַס און אָפּגעמאָגערט. די מאַמע האָט אים מיטגעגעבן אין שול אַרײַן צוויי שניטקעס און וולאַדעק האָט צוגענומען ביידע. וואָס האָט ער געקאָנט טאָן? באַקלאָגן זיך פאַרן לערער? איין מאָל האָט ער דאָס פּראָבירט. דער לערער פון גימ־נאַסטיק האָט אים איין מאָל באַפרײַט פון אַרויסגיין אויפן ספּאָרטפּלאַץ ווען ער האָט געהאַט אַ קאָפּווייטיק. דאָס שפּילן באַלעם מיט דער חברה איז געווען דער ריכטיקער קאָפּווייטיק. די יונגען האָבן זיך באַוויזן איינער פאַר

דעם אַנדערן וועמען עס וועט געלונגען מער מאָל אים אונטערצושטעלן אַ פוס ער זאָל פאַלן, אָדער אַזוי וואַרפן דעם באַלעם, עס זאָל אים טרעפן אין אַ סענסיטיוו אָרט, און די מיידן האָבן געלאַכט. ער האָט די מיידן פײַנט געהאַט מער ווי די יונגען, ווײַל זיי האָבן געלאַכט.

ער האָט פּראָבירט נאָך אַ מאָל זיך צו באַפרײַען מיטן אויסרייד אַז ער האָט אַ קאָפּווייטיק. „ווי קומט עס וואָס דו האָסט אַ קאָפּווייטיק יעדעס מאָל ווען דו דאַרפסט זיך באַטייליקן אין ספּאָרט?" האָט דער לערער געפרעגט.

דער לערער האָט נישט געקאָנט זײַן קיין אַנטיסעמיט, ווײַל ער איז אַליין געווען אַ ייִד. דער לערער האָט אים געשטעלט די פראַגע אין אַ פּרײַנטלעכן טאָן און ער האָט נאָך דעמאָלט נישט געוווסט, אַז מע טאָר זיך נישט פאַרטרויען פאַר קיינעם. האָט ער דערציילט דעם לערער דעם אמת. ער האָט זיך געריכט דער לערער זאָל אים כאָטש אַ גלעט טאָן מיט מיטגעפיל. אָבער יענער האָט אים נאָר געגעבן אַ גוטע עצה: „אַז דו וועסט האַרטעווען דײַנע מוסקלען אין ספּאָרט, וועסטו קאָנען צוריקשלאָגן".

„זיי איזדיעקעווען זיך איבער מיר", האָט ער זיך באַקלאָגט.

„דאָס בעסטע וואָס מע קאָן טאָן פאַר אַ געשלאָגענעם איז צווינגען אים אַליין צו ווערן אַ שלעגער", האָט אים געזאָגט דער לערער, אַ פאַנאַטישער ספּאָרטלער, „כ'האָב דאָס געלערנט אויף מײַן אייגענער הויט".

דער לערער האָט אפשר אויסגעלערנט זיך צוריקשלאָגן, אָבער ער וואָלט זיך אויך געמעגט לערנען אַ ביסל שׂכל. דער וואַזשנער פּעדאַגאָג האָט אויסגעזאָגט זײַן סוד צו דעם גאַנצן קלאַס. פרעגן אים צי ער האָט אַ קאָפּווייטיק איז געוואָרן אַ פּאָפּולערע חכמה אין זײַן שול.

## VI

ערשט ווען ער איז אַרויס פון פאָלקסשול, איז ער פּטור געוואָרן פון זײַן „באַשיצער" וולאַדעק; יענער איז געווען שטאַרקער מיט די פויסטן ווי מיטן קאָפּ און געמוזט בלײַבן נאָך אַ יאָר אין קלאַס. וולאַדעק איז שוין געהאַט פאַרשוווּנדן אַפילו פון די קאָשמאַרן בײַ נאַכט, ווען ער האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן אויפן אוניווערסיטעט. די אַנטיסעמיטישע נאַראַ־לײַט האָבן געבו־שעוועט און וולאַדעק איז באַלד געוואָרן בײַ זיי אַ גאַנצער מאַכער.

אַז מע הייסט טאַרנאָווסקי — אַ פּוילישער נאָמען — מע האָט גרויע אויגן, העלע האָר און אַ קורצע נאָז, קאָן מען אויסמײַדן אַ סך צרות. ביז וולאָדעקס קומען האָבן די אַנטיסעמיטן אים נישט געטשעפּעט. וולאָדעק האָט אים אײַגנטלעך אויך נישט געטשעפּעט, ער האָט נאָר געבעטן הלוואות... ער האָט אַוועקגעגעבן וולאָדעקן יעדן גראָשן וואָס ער האָט באַקומען פון דער מאַמען, אָבער וולאָדעק האָט געפאָדערט מער און מער. „ווו זאָל איך נעמען?" האָט ער זיך געבעטן בײַ וולאָדעקן. האָט יענער גענומען סטראַשען. וולאָדעקס הבטחות זענען נישט ווערט געווען קיין אויסגעבלאָזן איי, אָבער זײַנע סטראַשונקעס... אין די זאַכן האָט ער אַלע מאָל געהאַלטן וואָרט...

ער האָט זיך געבעטן בײַ דער מאַמען, אַז ער וויל אַוועקפאָרן אין אַן אַנדערער שטאָט; ער האָט געחלומט וועגן פאַרמסרן דעם שאַנטאַזשיסט פאַר דעם רעקטאָר; ער האָט אַפילו געטראַכט וועגן נעמען זיך דאָס לעבן. עס נעמט צײַט צו קומען צו אַ באַשלוס, עס נעמט צײַט אַנצוגורטן זיך מיט מוט עפּעס צו טאָן. אָבער וולאָדעק האָט געפאָדערט און געפאָדערט, ביז — — — ביז באַלעק האָט גענומען זיך באַקלאָגן, אַז עמעץ ליידיקט אויס זײַנע קעשענעס בײַ נאַכט.

דאָס מאָל האָט באַלעק געזאָגט דעם אמת. ווי האָט ער, לעאָן, זיך געקאָנט העלפן, אַז — — — באַלעק וואָלט סײַ ווי פאַרלוירן זײַן געלט. וואָס פאַרלירט ער נישט, דער שלומיאל?

אַוודאי האָט ער געלייקנט שטיין און ביין. אויב ער וואָלט זיך דאָס מאָל מודה געווען, וואָלט די מאַמע שוין זיכער געוווּסט, אַז אַלץ וואָס באַלעק האָט אויסגעטראַכט אויף אים איז אַלע מאָל געווען אמת. האָט ער געלייקנט שטיין און ביין. אין זײַן שטאַמלען און דרייען מיט דער צונג, האָט מען געקאָנט זען, אַז ער ליגנערט. די מאַמע האָט געבראָכן די הענט: „אויב ער האָט עס געטאָן נאָר פון שׂינאה צו זײַן ברודער איז דאָך שלעכט, אָבער אויב ער האָט עס געטאָן ווײַל ער איז סתּם אַ גנב, איז נאָך ערגער".

זײַן באַשלוס אַריבערצופאָרן באַלעקן קיין אַמעריקע, איז דאָס געווען צו באַווײַזן זיך אַליין, אַז די מאַמע האָט געהאַט אַ טעות? אַז ער האָט זײַן ברודער קיין מאָל נישט פײַנט געהאַט?

דער וואָלאָדעק באַנדוראַ האָט צוזאַמען מיט דער אַנדערס־אַרמיי פאַרלאָזן רוסלאַנד און נאָך דער מלחמה זיך באַוויזן אין ניו־יאָרק. ס׳איז געווען אַ זונטיק נאָך מיטאָג, אַ זוניקער טאָג און אַ געדראַנג פון שפּאַצירערס אויף טײַמס־סקווער. פּלוצלינג כאַפּט אים עמעץ אָן בײַם אָרעם: „טשעשטש לעאָן". ס׳איז געווען וואָלאָדעק.

ער איז געוואָרן אַזוי פאַרטשמיעלעט, אַז ער האָט נישט געקאָנט אַרויס־ברענגען אַ וואָרט.

„דערקענסט נישט דײַן בעסטן פּושיאַטשעל?" האָט יענער זיך געוווּנדערט.

ער האָט אַרויסגעריסן זײַן אָרעם פון דעם „בעסטן פרײַנדס" לאַפּע און שנעל זיך אַוועקגעדרייט און אויסגעמישט זיך מיט די פאַרבײַגייערס. ער איז געלאָפן אַראָפּ די טרעפּ צו אַ סאַבוויי. ווען ער איז אָנגעקומען אַהיים האָט ער זיך נישט געקאָנט דערוואָרטן אויפן ליפט און אַרויפגעלאָפן די פיר גאָרנס צו זײַן דירה.

אויב ער האָט געהאַט גענוג שׂכל צו אַנטלויפן פון וואָלאָדעקן, פאַר וואָס איז ער געלאָפן ווי משוגע אַריבערצוברענגען באַלעקן, דעם הויפּטהעלד פון אַלע זײַנע בייזע חלומות?

די מאַמע האָט זיך באַקלאָגט פאַר מענטשן, אַז ער רײַסט באַלעקן אַרויס דעם ביסן פון מויל. דאָס איז געווען אַ ליגן, אָבער די מאַמע וואָלט נישט אויסגעטראַכט אַזאַ זאַך; מן־הסתּם האָט באַלעק איר דאָס געזאָגט.

ער געדענקט אַ סך קריגערײַען מיט באַלעקן און אַפילו געשלעגן מיט די פויסטן, אָבער קיין מאָל נישט וועגן עסן. אין יענע צײַטן ווען וואָלאָדעק האָט בײַ אים צוגענומען זײַן מיטאָג, האָט געקאָנט פּאַסירן ער זאָל בײַ דער מאָלצײַט אין אָוונט עסן מער ווי באַלעק. זיי האָבן אַלע מאָל געגעסן אַליין. די מאַמע האָט אויפגענומען פּאַציענטן אין די אָוונט־שעהען, ווען מענטשן האָבן צײַט צו גיין צום דענטיסט. לאָמיר זאָגן, אַז אויפן טיש זענען געלעגן פיר זעמל און ער האָט געגעסן דרײַ, איז וואָס? עס האָט קיין מאָל נישט געפעלט קיין שפּײַז בײַ זיי אין הויז. אויב עס איז געבליבן צו ווייניק פאַר באַלעקן האָט ער געקאָנט באַקומען מער, אויב ער וואָלט נאָר געבעטן. מן־הסתּם האָט ער טאַקע געבעטן מער און דערבײַ זיך באַקלאָגט, אַז לעאָן פרעסט אַלץ אויף.

וואָס דאָס באַוויַיזט? דאָס באַוויַיזט, אַז זיַין טיַיער ברודערל האָט געהעצט קעגן אים נישט נאָר ווען עס האָט אים געהאָלפן לייגן זיַין הענטל אויף דעם עלטערן ברודערס אַ זאַך; ער האָט געהעצט ווען נאָר עס האָט זיך געלאָזט. אפשר איז עס געווען פונקט דער היפוך פון דעם וואָס די מאַמע האָט געמיינט: נישט דער עלטערער ברודער איז געווען דער בייזער בעל־קינאה, נאָר דער ייִנגערער. באַלעק האָט אים נישט פאַרגונען וואָס זיַינע מלבושים זענען געבליבן ריין, זיַינע שפּילעכלעך גאַנץ, און ער האָט קיין מאָל גאָרנישט פאַרלוירן.

דעם אמת מוז מען מודה זיַין. די מאַמע איז געווען אָפּגעהיט צו קויפן פאַר ביידע קינדער די זעלביקע זאַכן, אין מלבושים און אין שפּילעכלעך: מיט די מלבושים איז נישט געווען קיין פּראָבלעם: ער איז געווען עלטער און גרעסער פון באַלעקן, זיַינע מלבושים האָבן נישט געפּאַסט אויף באַלעקן און באַלעקס נישט אויף אים. אָבער מיט די שפּילעכלעך זענען געווען צרות. באַלעק איז געווען אַ שליאַך, דעסטרוקטיוו און געהאַט צוויי לינקע הענט. ער איז דאָך נאָר מיט קנאַפּע צוויי יאָר עלטער פון באַלעקן; ווען באַלעק האָט איבערגענומען זיַינס אַ פּאָר הייזלעך, זענען זיי געווען ווי ניַי. געטראָגן זיי עטלעכע מאָל, האָבן זיי שוין געהאַט פלעקן און געוואַלדריסן און מען האָט זיי שוין געדאַרפט אַרויסוואַרפן. דאָס זעלביקע איז געווען מיט די שפּילעכלעך. די מעשׂה מיט דעם באַלעם איז דאָך געשען דעם זעלביקן טאָג וואָס די מאַמע האָט זיי געבראַכט צוויי גרינע באַלעמס, איינעם פאַר אים און איינעם פאַר באַלעקן. ער האָט אַריַינגעלייגט זיַין באַלעם אין זיַין קעסטל שפּילעכלעך און געגאַנגען אין קינדער־גאָרטן. ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם באַלעם ערשט אין אָוונט, ער איז צוגעגאַנגען צו זיַין קעסטל און דערזען, אַז זיַין באַלעם האָט אַ לאָך. ער האָט באַלד פאַרשטאַנען וואָס עס איז געשען: דאָס באַלעקל האָט געמאַכט אַ לאָך אין זיַין באַלעם, האָט ער אויסגעביטן די באַלעמס און זיך גענומען דעם גאַנצן. באַלעק איז שוין געווען אין בעט און געהאַט דעם גאַנצן באַלעם מיט זיך אין בעט. ס׳איז געוואָרן אַ געשריַיעריַי. ס׳קליינע באַלעקל האָט אים צעגראַטשעט ס׳פּנים און געביסן די הענט. דאָס גאַנצע הויז איז זיך צוזאַמענגעלאָפן פון די געוואַלדן און אַלע האָבן געגלייבט דעם „קינד״, באַלעקן.

איין מאָל האָט די מאַמע זיי געקויפט אַזעלכע הילצערנע טשערעפּאַכעס. דאָס קעפּל און דאָס עקל זענען אַזוי געהאַנגען, אַז זיי האָבן זיך כּסדר געוויגט אַרויף און אַראָפּ. באַלעק האָט געגומען מײַסטערווען מיט זײַן שפּי־לעכל און אַ פּיסל האָט זיך אָפּגעבראָכן. לעאָן האָט פאַרויסגעזען וואָס דאָ וועט געשען: באַלעק וועט זיך צעכליפּען. לעאָן, ווען ער איז אין כּעס, גליִען אים די אויגן „ווי בײַ אַ רוצח", זאָגט די מאַמע. אָבער די אויגן בלײַבן טרוקן, און אַז די מאַמע וועט דערזען זײַן „רציחהדיק" פּנים און באַלעקס טרערן, וועט זי צונעמען בײַ אים די גאַנצע טשערעפּאַכע און עס געבן באַלעקן. ער האָט דעמאָלט שנעל אָפּגעבראָכן אַ פּיסל פון זײַן אייגן שפּילעכל, מיר נישט און דיר נישט!

## VII

טרערן זענען געווען באַלעקס בעסטע געווער. אַז ער האָט געוואָלט אָנטאָן זײַן ברודער צרות האָט ער זיך צעוויינט. דאָס איבעריקע האָט שוין די מאַמע געטאָן.

נאָר מאַרישע, די דינסט, איז געווען אויף זײַן זײַט. אַנשטאָט ברענגען אָהער באַלעקן, האָט ער בעסער געדאַרפט אויסאַרבעטן פּאַפּירן פאַר דער אַלטער מאַרישאַן. ווען נישט מאַרישאַ, אויב ער וואָלט דעמאָלט נישט געהאַט כאָטש איין מענטש וואָס האָט אים געגלייבט, וואָלט ער זיך אַוודאי אַ מעשׂה אָנגעטאָן.

די געטרייע מאַרישאַ האָט אויך אַרײַנגענומען צו זיך די מאַמע נאָך דעם ווי די דײַטשן האָבן אויסגעקוילעט די לעמבעריקער ייִדן. דאָס האָבן די דײַטשן געטאָן מיט דער אַקטיווער מיטהילף פון די אוקראַיִנער. די מאַמע האָט געהאַט אַ שנור אַן אוקראַיִנערקע, זאָשאַ, וואָס זי האָט טאַקע פאַרשאַפט דער מאַמען אַרישע פּאַפּירן, אָבער אַרײַנבעמען צו זיך אין הויז — דאָס נישט.

אַ מאַמע איז אַ מאַמע, דײַן בלוט און פלייש. זי איז דעמאָלט געווען נאָר אַכט יאָר עלטער ווי ער איז הײַנט. זי האָט נאָך געהאַט אַ סך יאָרן, זי האָט נאָך געקאָנט לעבן און דערלעבן צו זען ווי דער „שלעכטער" לעאָן איז זיך מקריב

פאַר זײַן ברודער, און ווי דאָס נעבעכל באַלעק נעמט דעם קרבן מיט אַ לײַדנדיקן פּנים פון אַ הייליקן.

ער וואָלט געבערענגט די מאַמע קיין אַמעריקע און זי וואָלט דאָ בײַ אים געווען אַ קייסערינע. אָבער דעמאָלט אין פּזשעמישל איז ער געווען אַזוי אין כּעס אויף איר. ער האָט נישט געוויינט, נישט געקלאָגט, נאָר אין אים האָט עס אויסגעשלאָגן ווי אַן עכאָ פון זײַן האַרצקלאַפּ: „הלוואַי זי זאָל שטאַרבן, הלוואַי זי זאָל שטאַרבן״.

די מאַמע האָט אים און באַלעקן גענומען אויף אַ וויזיט צום פעטער סטאַניסלאַוו אין פּזשעמישל. ער האָט געהאַט נאָך אַ פעטער, זיגמונד, אָבער דער פעטער זיגמונד איז געווען דער מאַמעס ברודער; וואָס האָט ער זיך שוין געקאָנט ריכטן פון דער מאַמעס אַ ברודער? אין זײַנע צרות אין דער היים האָט ער זיך פאַרבירט טרייסטן, אַז דער טאַטע, אויב ער וואָלט געלעבט, וואָלט ער געווען אויף זײַן זײַט. נו, דער פעטער סטאַניסלאַוו איז דאָך דעם טאַטנס ברודער, איז ער געפאָרן קיין פּזשעמישל מיט אַ סך האָפענונגען.

בײַם פעטער איז ער געשלאָפן מיט באַלעקן אין איין בעט און באַלד אין דער ערשטער נאַכט האָט באַלעק נאַס געמאַכט דאָס געלעגער. לעאָן איז דעמאָלט געווען נישט מער ווי פינף יאָר אַלט, אָבער האָט שוין געהאַט כאַראַקטער. ער האָט זיך נישט באַקלאָגט און נישט געלאָפן מסרן. דאָס קליינע ממזרל האָט אָבער געהאַט מער שׂכל; ווי נאָר די מאַמע איז אַרײַנגע־קומען זיי זאָגן „גוט־מאָרגן״, האָט דאָס כיטרע באַלעקל אַ ווײַז געטאָן אויף אים: „מאַמושו, ער האָט מיך אונטערגעפּישט, כ׳האָב נישט געקאָנט שלאָפן אַ...״

דער ליגנער האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן... ווען די מאַמע האָט אים אָוועקגעריסן, איז באַלעק געבליבן מיט אַ צעגראַטשעטן צעבלוטיקטן פּרצוף.

פאַרשטייט זיך, אַז דער שלעגער איז געוואָרן באַשטראָפט. אַלע — דער פעטער סטאַניסלאַוו אַרײַנגערעכנט — האָבן אָנטייל גענומען אין דער פײַער־לעכער עקזעקוציע פון אָפּשנײַדן די נעגל בײַ דער „ווילדער קאַץ״, אָפּגע־שניטן אַזוי קורץ עס זאָל וויי טאָן. די חרפּה האָט וויי געטאָן מער ווי די פאַרשניטענע פינגער און די מאַמע האָט נאָך געהאַלטן פאַר נייטיק צוצוגעבן: „כ׳באַשטראָף דיך נישט פאַר דעם וואָס איז געשען בײַ נאַכט, דאָס איז געווען

אַן אַקצידענט. אָבער אַזאַ גרויסער יונג ווי דו האָט געמעגט האָבן שׂכל זיך גוט אויסצופּישן פאַרן גיין שלאָפן אין אַ פרעמד הויז".

„ער, דער ווינטער ליגנער, ער האָט עס געטאָן!"

„טאָ פאַר וואָס האָסטו זיך נישט באַקלאָגט?"

„כ'האָב נישט געוואָלט מסרן".

„פון ווען אָן האָסטו אַזוי ליב באַלעקן, אַז דו ווילסט אויף אים נישט מסרן?"

אַז די מאַמע האָט געהאַלטן מיט באַלעקן, האָט דער פעטער און די מומע און אַלע וואָס זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן פון די געשרייען, אַלע האָבן געגלייבט באַלעקן. „פאַר וואָס נעמט מען נאָר טאַטעס אין מלחמה אַרײַן"? האָט ער געטראַכט. אים וואָלט בעסער געווען אויב די מאַמע וואָלט אויך אַוועק אין מלחמה און מער נישט צוריקגעקומען. ער ווייסט שוין וואָס ער וועט טאָן. ער וועט געפינען דעם סם וואָס מע לייגט אונטער פאַר די מײַז און עס אין גאַנצן אויפעסן. אַז ער וועט שוין זײַן אַ טויטער, וועט ער צוריק־קומען בײַ נאַכט ווערגן באַלעקן. וואָס וועט די מאַמע אים קאָנען טאָן, אַז ער וועט שוין זײַן אַ טויטער?

אַהיימגעקומען, האָט ער טאַקע געזוכט דעם סם און עס געפונען. ווײַזט אויס, אַז ער איז נישט געווען אַזוי זיכער וועגן זײַן פּלאַן, ווײַל ער איז אַרײַן אין קיך צו מאַרישאַן, געוויזן איר דאָס פּעקעלע און זי געפרעגט: „וואָס איז עס?"

„דאָס איז סם, פאַר די מײַז", האָט זי געענטפערט און דערזען, אַז זײַנע אויגן זענען פול מיט טרערן. זי האָט נישט אָפּגעלאָזט ביז ער האָט איר אַלץ דערציילט. מאַרישאַ האָט אים געגלייבט און דאָס איז געווען ווי באַלזאַם אויף זײַן צעוווּנדיקט האַרץ. די מאַמע איז געווען צו פיל פאַרנומען מיט איר פּראָפעסיע, מיט אַלערליי אַקטיוויטעטן, זי איז ווייניק געווען מיט די קינדער, האָט באַלעק זי געקאָנט אָפּנאַרן. מאַרישאַ איז געווען מיט זיי טאָג און נאַכט, האָט זי געקאָנט זײַן אַ בעסערע מבינה אויף באַלעקס שטיק. ער האָט טאַקע מער ווי איין מאָל אויסגענוצט זײַן ביטערקייט אויף קעגן מאַרישאַן, אָבער זי האָט זיך קיין מאָל נישט באַקלאָגט.

## VIII

ער האָט אַלע מאָל אַלץ מקריב געווען פאַר באַלעקן. באַלעק איז געווען זײַן אומגליק. ער, לעאָן, איז געווען דער עלטסטער, צוויי יאָר נאָך אים איז געקומען אַ נײַ ברודערל. „דאָס קינד", באַלעק, האָט באַקומען דאָס בעסטע פון אַלץ. באַלעק האָט אַזוי לאַנג אַלץ צוגענומען ווי „ס'קינד", ביז ער האָט, גאָר נישט מעשׂה קינד, צוגענומען בײַ אים זאָשאַן.

צוגענומען בײַ אים? אמת, זאָשאַ איז אין זײַן עלטער, נישט באַלעקס. ס'איז אויך אַ פאַקט, אַז זאָשאַ איז געווען זײַן מיידל און ער האָט זי באַקענט מיט באַלעקן, אָבער ער קאָן נישט לייקענען, אַז אים האָט זאָשאַ קיין מאָל קיין גוט וואָרט נישט געזאָגט, אַכיבע עס האָט געהאַט אַ בײַסיקן אונטער־שלאַג: „דו ביסט אַזוי גוט, לעאָן, דו וואָלטסט געקאָנט זײַן אַ גוטע מאַמע..." זאָשאַ האָט געלאַכט ווען זי האָט עס געזאָגט, און באַלעק האָט אויך געלאַכט.

עטלעכע און צוואַנציק יאָר האָט ער פײַנט געהאַט זײַן ברודער, נישט ווײַל ער האָט חתונה געהאַט מיט זאָשאַן. ער, לעאָן, וואָלט סײַ ווי נישט חתונה געהאַט מיט איר און מיט קיינעם נישט, ווײַל ער איז „אַזוי גוט אַז ער וואָלט געקאָנט זײַן אַ גוטע מאַמע". אַ מאַן טאָר נישט זײַן אַזוי גוט, אַ מאַן דאַרף זײַן ווי באַלעק. ער האָט געבעטן דעם טויט אויף זײַן אייגענעם ברודער, ווײַל יענער האָט געלאַכט. נעמען? יאָ, נעם מײַן גאָרגל און שנייד אים איבער אויב איך בין אַ „מאַמע" און גיב, און גיב. אָבער נעם עס מיט אַן ערנסט פּנים, ווי עס וואָלט דיר געקומען. לאַכן — דאָס נישט! נעם, ווי יענעם אָוונט ווען כ'האָב דיר געגעבן דעם גאָרגל...

האָ? האָט ער זיך נאָר אײַנגערעדט, האָט עס זיך אים נאָר געחלומט אַז בערנאַרד האָט געוויינט?

יאָ, ער האָט געוויינט, און אַוודאי געטראַכט דאַבײַ: אָ, לעאָן, מאַמע לעאָן... און זאָשאַ דאַרט אין לעמבעריק לאַכט דאָס גרעסטע געלעכטער.

איצט ערשט זעט ער אין דעם ריכטיקן ליכט יענעם אָוונט ווען מאַשאַ האָט אויסגעהאַלטן די הײַ־סקול־עקזאַמענס. זי האָט זיך געטוליעט צו אים, אים געקושט און געזאָגט: „אַנקל, דו ביסט מיר דאָס טײַערסטע אין דער וועלט, דער נאָענטסטער אויף דעם גאַנצן ערדקוגל". בערנאַרד איז געווען דאַבײַ. אים האָט ווי געטאָן פאַר בערנאַרדן און ער האָט איר געזאָגט: „דער

נאָענטסטער אין דער וועלט איז דיר דײַן טאַטע". מאַשאַ האָט געענטפערט:
„ביסט דו מײַן מאַמע".

„ביסט דו מײַן מאַמע", איצט ערשט פאַרשטייט ער וואָס מאַשאַ האָט געמיינט. ער איז איר אַ מאַמע, ער קאָן זײַן נאָר אַ מאַמע. בערנאַרד לאַכט, און מאַשאַ לאַכט אויך. אַ מענטש גיט אַוועק זײַן לעבן, ווײַל ער אַליין ווייסט נישט וואָס צו טאָן דערמיט. אין לעבן דאַרף מען קאָנען נעמען, און ער קאָן נאָר געבן. נישט קאָנען נעמען איז אַ מום. ס'איז ערגער ווי זײַן לאַם, אָדער בלינד, אָדער שטום. אַז מע קאָן נישט נעמען, ענדיקט מען אין תּפיסה מיט אַן אורטל פון צען יאָר, ווען ער איז גאָר נישט אַזוי רײַך צו צאָלן דעם חשבון. ער האָט מער נישט קיין צען יאָר אָפּצוזיצן דעם אורטל.

ער האָט זיך פּלוצלינג צעלאַכט. אַזוי הילכיק געלאַכט, אַז דער שכן אין דער צעל האָט זיך ווידער איבערגעוועקט. יענער האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ, אויסגעדרייט זיך צו דער וואַנט און באַלד ווידער געשנאַרכט. ער האָט זיך צעלאַכט, ווײַל ס'איז אומגלייבלעך — נאַריש און לעכערלעך. פּיזיש איז ער נישט קיין „מאַמע". די נעכט אַליין אין זײַן הויז זענען געווען שווער אַריבערצוטראָגן. אין מיטן לייענען אַ בוך, אָדער גאָר איבערגעוועקט זיך אין מיטן נאַכט, און דער אומרו האָט אים געיאָגט אַרויס פון שטוב. ער איז נאָכגעגאַנגען אַ פרוי און נישט געקאָנט צוזאַמענעמען גענוג קוראַזש זי צו פאַרטשעפּען. געשלעפּט זיך פון באַר צו באַר, אַזוי לאַנג געזעסן נעבן אַ מיידל ביז עמעץ אַנדערש איז אַוועק מיט איר. ער איז סוף־כּל־סוף געגאַנגען אין בעט אַרײַן מיט איינער וואָס איז שוין געווען אויפן וועג אַהיים, מיד פון אַ גאַנצער נאַכט אַרבעט. ס'איז צו לאַכן ס'גרעסטע געלעכ־טער ווי איידל ער האָט זיך באַצויגן צו איר, זי זאָל זיך חלילה נישט פילן דערנידעריקט. ער דאַרף דערציילן בערנאַרדן וועגן יענער געפּאַרבטער גאַסנמויד. ער האָט זי געקושט און געהאַלדזט ווי זי וואָלט געווען זײַן ערשטע, גערעדט צו איר אַזוי דעליקאַט ווי ער וואָלט געווען איר ערשטער. זי האָט געשמייכלט און געלאַכט, אָנגעזאָגט ער זאָל נישט פאַרגעסן איר טעלעפאָן־נומער, און אים צוריקגעגעבן דאָס געלט וואָס ער האָט איר געהאַט באַצאָלט פאַרויס. אָבער אין דער פרי, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, איז ער געווען אַליין אין בעט. זי איז פאַרשוווּנדן, זײַן בײַטעלע

און זייגערל זענען פאַרשוווּנדן מיט איר. דער טעלעפאָן־נומער וואָס זי האָט אים געגעבן איז געווען אַ פאַלשער, אָבער איר געלעכטער ביי נאַכט איז נישט געווען פאַלש. ער אַליין לאַכט איצט פון זיך ס׳גרעסטע געלעכטער.

וואָס ער האָט זיך פּלוצלינג צעוויינט ? זאָלן זיי לאַכן, אָבער זאָלן זיי עפענען די אייַזערנע טיר ער זאָל קאָנען אַרויס און שלעפּן זיך נאָך אַ פרוי פון גאַס צו גאַס, אייַנשלאָפן מיט דער האַנט אויף אַ פרויענברוסט. ניין, ניין, ער וויל נישט טראַכטן וויפל הענט עס זענען שוין געלעגן אויף דער ברוסט אין דער נאַכט. ער וועט פאַרמאַכן די אויגן, ער זאָל זי קאָנען זען די שענסטע אין דער וועלט. ער וועט פאַרשטאָפּן די אויערן נישט צו הערן ווי זי לאַכט פון אים, און אין דער פרי וועט ער — זאָל זייַן אָן זייַן בייַטעלע און אָן זייַן זייגערל — זייַן פרייַ אָנצוהייבן אַ נייַעם טאָג.

פאַר וואָס ער איז געווען אַזוי צערטלעך צו יענער בלאָנדער גאַסנפרוי ? ווייַל ער האָט געוואָלט זיך אָפּנאַרן אַז זי איז אַ פייַנע, אַ צאַרטע, אַן אייידלע... ער וויל זייַן פרייַ כדי ער זאָל ווייַטער זיך קאָנען אָפּנאַרן. אפשר איז דאָס דער סוד פון גליק ? גליק מיינט: קאָנען זיך אייַנרעדן און זיך אָפּנאַרן. טייַטשט עס אַזוי וועבסטערס ווערטערבוך ? אויב נישט, איז דער ווערטערבוך אַ ליגנער.

אָנגעהויבן האָט עס זיך ווען ער איז געבוירן געוואָרן, ער איז געבוירן געוואָרן אַ שלומיאל.

## IX

זאָשאַ האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן איר אוקראַיִנע און דאָרט געבליבן מיט דער יינגערער טאָכטער בעלאַ. אָן זאָשאַן איז נישט געווען קיין פּראָבלעם ווו צו ווינען, זיי זענען געקומען צו אים; בערנאַרד איז זייַן בלוט און פלייש און מאַשינקאַ האָט זיך געטוליעט צו אים מער ווי צו איר אייגענעם טאַטן. אָבער ווען די עף־בי־איי־לייַט האָבן אים אַרויסגעפירט פון שטוב, האָט זי געשריגן צו אים: „אָנקל, וואָס האָסטו אָפּגעטאָן ?"

ער האָט געהאַט געקערט וועלטן, בערנאַרד זאָל באַקומען אַרבעט אין דער לאַבאָראַטאָריע ווו ער אַליין האָט געאַרבעט. ער האָט צוגעזאָגט מאַשאַן

צו אַן עקזאַמען און זי איז אַנגענומען געוואָרן אין האַנטער־קאַלעדזש. ער האָט געטאָן מער ווי אַ ברודער איז מחויב צו טאָן, און ווען זיי האָבן אים אָנגעטאָן צרות, האָט ער געליטן און געשוויגן. ווען ער האָט געהאַט אייגענע צרות, האָט ער געליטן אַליין, געהיטן זיך זיי נישט אָנצוטאָן קיין עגמת־נפש.

נאָך דעם ווי ער האָט זיך דערוווּסט אַז ער איז קראַנק, האָט ער זיך אויפגעפירט ווי אַ נאַר. ער איז אַרײַן אין אַ לאָנטשאָנעט עפּעס עסן. ער האָט באַשטעלט אַ שניטקע מיט גערייכערט פלייש. דאָס פלייש איז געווען פעט, אָדער ער האָט אויסגעטראַכט אַז עס איז צו פעט. ער האָט צוריקגעשיקט די שניטקע און זיך פאַרענטפערט פאַר דער קעלנערקע: „כ׳בין אַ קראַנקער מענטש, כ׳מוז זיך אָפּהיטן”. די קעלנערקע איז געווען אומגעדולדיק: „פּיעש־טשעט זיך נישט פאַר מיר, כ׳האָב קאָסטימערס צו באַדינען. גייט אַהיים און פּיעשטשעט זיך פאַר אײַער ווײַב”.

זי איז גערעכט געווען, די פאַרנומענע קעלנערקע. ער האָט טאַקע נישט ליב קיין פעט פלייש, אָבער דאָס האָט גאָר קיין שײַכות נישט מיט זײַן קרענק. ווען אַ מענטש דערוויסט זיך פּלוצלינג, אַז ער איז מסוכן קראַנק, דאַרף ער זיך אַראָפּרעדן פון האַרץ, טיילן זיך מיט אַ נאָענטן מענטש, טאַקע פּיעשטשען זיך פאַר עמעצן. „גייט אַהיים און פּיעשטשעט זיך פאַר אײַער ווײַב”, האָט די קעלנערקע זיך אָפּגעבייזערט. קיין ווײַב האָט ער נישט, אָבער אין זײַן היים זענען געווען זײַנע נאָענטסטע, זײַן לײַבלעכער ברודער און פלימעניצע. איז ער געלאָפן זיך פּיעשטשען פאַר זיי? ווען מאַשאַ האָט געזען ער נעמט אײַנשפּריצונגען, האָט ער איר אײַנגערעדט, אַז ער האָט אַ שטיקל טענדענץ צו דיאַבעט.

X

וואָס איז בעסער, אַ קעצל אָדער אַ פלימעניצע? די הויזוואַכטערין האָט געהאַט דרײַ טעכטער און דערצו אַ קאַץ. די קאַץ האָט זיך געקעצלט מיט פיר, איז שוין געווען אַכט. האָט די הויזוואַכטערין שוין געקאָנט אָפּ־שפּאָרן איינס (אַ קעצל, נישט אַ טאָכטער) פאַר אַ שכן וואָס איז עלנט, אַליין. אין אָנהייב האָט ער הנאה געהאַט עס צו גלעטן און שפּײַזן, אָבער דאָס קעצל

האָט אָנגעהויבן אַרומלויפן און אָנשאָווערן אין אַלע שטובן. עס האָט צע־שלעפּט זײַנע זאַכן און צעוואָרפן זײַנע מאַרקעס, עס האָט אים צעגראַטשעט אויך. דאָס קעצל האָט ער צוריקגעגעבן דער הויזוואַכטעריך, ווערמען גיט מען צוריק אַ פּלימעניצע? די צעטראָגענע מויד וואָלט וואָלט אַוועק אין קאַלעדזש אָן אַ ביסן אויב ער וואָלט איר נישט צוגעגרייט אָנבײַסן. זי וואָלט נישט אויס־געהאַלטן קיין איין עקזאַמען אויב ער וואָלט נישט כּסדר צונויפגעקליבן אירע ביכער און געהאָלפן אָרגאַניזירן אירע נאָטיצן. סײַ זי, סײַ איר טאַטע האָבן געהאַלטן אין איין באַקלאָגן זיך אויף אַמעריקע, ווי זיי וואָלטן דאָ דערלייגט דער באָבעס ירושה. מאַשאַ איז דאָך אַ האַלבע אוקראַיִנעריך. אפשר בענקט זי נאָך איר מאַמע און נאָך איר מאַמעס אוקראַיִנע?

„וואָס דאַרף איך אַ באַיפרענד, אַנקל איז מײַן באַיפרענד", האָט זי געענטפערט ווען בערנאַרד האָט זי געפרעגט פאַר וואָס זי פאַרבעט נישט אַ מאָל אַ חבר פון קאָלעדזש. ער האָט זי דען געהאַלטן בײַם וואָרט? ער וואָלט צופרידן געווען אויב זי וואָלט נישט אַראָפּגעוואָרפן אירע שיך אויפן וועג פון דער טיר צו איר צימער. ער וואָלט זיך באַנוגנט אויב זי וואָלט צוזאַמענגעקליבן אירע זאָקן און נישט איבערגעלאָזט איר אונטערוועש אין באָדצימער. אויב זי וואָלט נישט אַרומגעלאָפן איבערן הויז אָן אַ סטענדל, איר בוזעם זאָל זיך נישט וואַרפן הינטער איר מאַרגנראָק. זי לויפט אַרום אַפילו אָן דעם ראָק און די ברוסטוואַרצלען שטײַפן זיך און ברוינען זיך דורך דעם דינעם נאַכטהעמד, טאַקע ווי ער וואָלט געווען — — —

אַ יונגער־מאַן האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן. מכּלומרשט איז דער יונגער־מאַן געקומען זי נעמען אין אַ קינאָ, אין טעאַטער. מע קען זיי, די אַמעריקאַנער באַיעס. ער, לעאָן, איז געוווינט לאַנג אין אַמעריקע ער זאָל וויסן. ער האָט אָנגעזאָגט מאַשאַן זי זאָל זיך היטן, דער בחור איז אויסן נאָר זי אויס־צונוצן.

XI

עס איז געשען דעם אָוונט ווען מאַשאַ איז אַהיימגעקומען מיט דער בשׂורה אַז טעד, אַזוי הייסט איר בחור, וויל מיט איר חתונה האָבן.

„וואָס איז אײַנגעטראָטן אַזאַ טויטע שטילקייט?" האָט מאַשאַ זיך גע־וווּנדערט, „וואָס האָט איר קעגן טעדן?"

ער האָט זיך געשעמט וואָס ער האָט זיך צו נאַר געמאַכט מיט זײַן פאַראורטל קעגן אַמעריקאַנער בחורים. ער האָט זיך צעקושט מיט מאַשאַן און האָט איר געווונטשן גליק. בערנאַרד האָט מיט צוויי פינגער געעפנט אַ שפּאַרע צווישן צוויי לײַסטלעך אין די ווענעציאַנער רולעטן איבערן פענצטער און אַרויסגעקוקט.

„פּאַפּאַ, וואָס זעסטו דרויסן, אַ בעסערן שידוך?" האָט מאַשאַ בייז געפרעגט.

בערנאַרד האָט אָפּגעלאָזט די רולעטן. „זאָל זײַן מיט גליק, מאַשינקאַ, הלוואַי עס זאָל זײַן מיט גליק. פאַרגיב מיר, מאַשאַ, כ'דאַרף עפּעס רעדן מיטן אַנקל".

„זעץ זיך, ליאָוואַ, און שטאַרק זיך. כ'ווייס נישט וואָס מאַשאַ וועט זאָגן, וואָס טעד וועט זאָגן, ווען ער וועט זיך דערוויסן. מע שפּירט מיר נאָך. שוין עטלעכע טעג ווי כ'האָב אַ שאָטן. כ'האָב מורא, ס'איז די עף־בי־אײַ".

„בערנאַרד, דאָ איז נישט רוסלאַנד. אַז מ'האָט אַ ריין געוויסן — — —"

„כ'האָב נישט קיין ריין געוויסן".

„ביסט פון זינען אַראָפּ?"

„זאַשאַ האָט זיך מיישב געווען און וויל יאָ קומען קיין אַמעריקע, און בעלאַ האָט אויך געוואָלט קומען, אָבער די רוסן האָבן גאָר געסטראַשעט, אַז זיי וועלן אַרעסטירן זאַשאַן און בעלאַן אויב — — — זיי האָבן פאַרלאַנגט נאָר אַ קלייניקייט, די רעצעפּט פון אַ שמירעכץ קעגן מיקן".

„דעם ,מאָסקיטאָ־רעפּעלענט' וואָס מיר מאַכן פאַר דעם פּענטאַגאָן? מע קען עס דאָך קויפן אין יעדער אַפּטייק. יעדע לאַבאָראַטאָריע קאָן פעסט־שטעלן פון וואָס עס איז צוזאַמענגעשטעלט".

„אַזוי האָב איך טאַקע געטראַכט", האָט בערנאַרד מודה געווען, „זיי האָבן פאַרלאַנגט איך זאָל עס איבערגעבן צו איינעם אין אָלבאַני. יענער האָט זיך אָנגעטשעפּעט, אַז ער מוז מיר צוריקצאָלן די הוצאות. ער האָט מיר באַצאָלט פאַר דעם באַנבילעט און מיר אונטערגערוקט אַ קוויטאַציע; איך האָב אונטערגעשריבן".

„און מיט דעם ווילן זיי דיך שאַנטאַזשירן?"

„מיט דעם שאַנטאַזשירן זיי מיך".

„גיי דו צו דער עף־בי־איי".

„ס'איז צו שפּעט, סאיז שוין באַלד פינף יאָר".

„די גאַנצע צייט וואָס ביסט אין אַמעריקע אַרבעטסטו פאַר זיי? האָסט מיך אומגליקלעך געמאַכט, האָסט מיך — — — וואָס וועט העלפן מיין שרייען און וואָס קאָן העלפן דיין קרעכצן! מע דאַרף אָפּרוימען יעדן צייכן, פאַר־ברענען אַלע פּאַפּירן".

כ'האָב נישט קיין שום פּאַפּירן. כ'האָב אין מיין בריוטאַש דעם פאָטאָ־גראַפישן אַפּאַראַט וואָס זיי האָבן מיר געגעבן".

„פאַרברענען עס".

„ווו? אויף דער פאַרע פון דער צענטראַל־באַהייצונג? אויף דער עלעק־טרישער קיך?"

„זיך נישט ווי אַן עופּעלע אויף דער באַמאַכטער ווינדל. טו עפּעס. צענעם עס אויף שטיקלעך, שווענק עס אַראָפּ אין אָפּטריט, וואַרף עס אַריין אין דעם מיסטאויוון, טו עפּעס!"

„אין אינסינערייטאָר? דאָס איז מיר נישט איינגעפאַלן".

„ברענג עס אַריין דאָ, מאַשאַ זאָל נישט זען. איך וועל עס אַרויסטראָגן, מיר שפּירט מען נישט נאָך".

בערנאַרד האָט צענומען דעם אַפּאַראַט אויף באַזונדערע טיילן, ער האָט עס אַריינגעלייגט אין אַ בייטל מיט מיסט. מאַשאַ האָט געהאָט געעפנט אַ בלעכל מיט קאָנצענטרירטער שוואָמענזופּ, האָט ער עס אַריינגעגאָסן אין בייטל, אַלץ זאָל זיין פאַרשמירט און קלעפּיק, עס זאָל עקלען עס אָנצורירן. בערנאַרד האָט צוגעלייגט אַן אויג צום קוקשייבל. קיינעם נישט געזען, האָט ער אויפגעשלאָסן די טיר און אים אַרויסגעלאָזט. שוין געעפנט דאָס טירל פון דעם מיסטאויוון האָט אים עמעץ אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט. „דער אינסינערייטאָר איז צעבראָכן, איך וועל עס נעמען".

„וואָס עפּעס?"

„איך וועל עס אָראָפּטראָגן צו די מיסטקאַנען".

„איר זענט נישט דער סופּעראינטענדענט", האָט ער זיך געוועַרט. נאָס

פון דער זופּ, איז דער פּאַפּירענער בײַטל זיך צעפּאַלן, דאָס מיסט און די טײלן פון פּאָטאָ־אַפּאַראַט זענען געבליבן ליגן צעשפּרייט איבער דער פּאָדלאָגע.

„שוואָמען מיט אַ פּאָטאָ־גלאָז? איז דאָס אַ רוסישער רעצעפּט פאַר אַ זופּ?" האָט דער מאַן געוואָלט וויסן.

„מאַכט נישט קיין טומל, די שכנים שלאָפן שוין, קומט אַרײַן אין שטוב".

„ווער זענט איר?" האָט ער געפרעגט דעם מאַן ווען זיי זענען אַרײַן אין שטוב, „און וואָס גייט אײַך אָן מײַן זופּ אָדער מײַן פּאָטאָ־אַפּאַראַט? אַמעריקע איז אַ פרײַ לאַנד, איך מעג עסן גלאָז אויב איך קאָן עס פאַרדייען".

דער מאַן האָט אויף אים אַ קוק געטאָן שפּאַטיש און אַוועק צום טעלעפאָן. באַלד זענען געקומען נאָך עטלעכע מענער, זיי האָבן זיך אידענטיפיצירט: „עף־בי־איַי", זיי האָבן געהאַט אַ פאַראָרדענונג צו אַרעסטירן בערנאַרד טאַרנאָווסקי און צו מאַכן אַ רעוויזיע אין זײַן הויז.

„אַ רעוויזיע קאָנט איר מאַכן, די דירה געהערט צו אונדזביידן. אָבער מײַן נאָמען איז לעאָן טאַרנאָווסקי".

די „עף־בי־איַי"־לײַט זענען צעטומלט געוואָרן און ווידער געלאָפן צום טעלעפאָן. נאָך אַ מאָן איז געקומען, ער האָט געבראַכט פּאָטאָגראַפיעס וואָס האָבן געוויזן ווי בערנאַרד גיט עמעצן אַ גרויסן קאָנווערט.

„וועמענס איז דער אַפּאַראַט?" האָט דער מאַן מיט די פּאָטאָגראַפיעס געפרעגט.

„מײַן", האָט לעאָן געענטפערט פון דער העלער הויט און, אומגעריכט פאַר זיך אַליין, צוגעגעבן: „איך האָב אים געשיקט אין די שליחותן. ער'ט נישט אָנגעהויבן וויסן וואָס ער טוט".

„וואָס איז ער עפּעס אַלע מאָל געווען דער שליח?" איז דער „עף־בי־איַי"־מאָן געווען סקעפּטיש.

„איך בין נישט בײַם בעסטן געזונט. דערלויבט מיר נאָך אַ סורפּריז פאַר מײַן ברודער. איר האָט פאַר אים אויפגעדעקט אַז אַלץ איז נישט כשר מיט די שליחותן וואָס איך האָב אים געשיקט, איך מוז איצט פאַר אים אויפדעקן, אַז די אײַנשפּריצן וואָס איך נעם יעדן טאָג זענען נישט אינסולין, ס'איז לוקעמיע. כ'האָב סך־הכל נאָר איין יאָר צו לעבן און אפשר דאָס אויך נישט".

XII

„אַנקל, וואָס האָסטו אָפּגעטאָן פּאַפּאַן? ווי האָסטו געקאָנט טאָן אַזאַ זאַך?" האָט מאַשאַ אים געזידלט ווען מע האָט אים און בערנאַרדן אַרויס־געפירט פון שטוב. בערנאַרד האָט נאָך אַלץ נישט אויסגערעדט אַ וואָרט. די „עף־בי־איי"־לייט האָבן מיטגענומען אַלע זיינע מאַרקעס. וואָס האָבן זיי צו זיינע פּאָסטמאַרקעס? אויב זיי וועלן רויִנירן זיינע אַלבומען, וועט ער זיי אָנקלאָגן אין געריכט, די וועלט איז נישט הפקר.

מע האָט אים מיט בערנאַרדן געהאַלטן איבער נאַכט אין איין צימער. בערנאַרד האָט אים איבערגעגעבן וועגן אַלע דאָקומענטן און אַלע צוזאַמענ־טרעפן מיט סאָוועטישע אַגענטן. ער האָט פאַרזיכערט בערנאַרדן, אַז וועגן דער לוקעמיע איז, צום באַדויערן, אמת. קיינער וועט נישט פאַרמישפּטן אַ מענטש וואָס איז שוין אַזוי גוט ווי טויט. אויב זייער שעפּטש איז נישט אויפגעכאַפּט געוואָרן פון אַ שטאַרקן עלעקטראָנישן אונטערהער־אַפּאַראַט קאָן עס אַ מאָל געלינגען.

ער, דער שעמעוודיקער, שטאַמלענדיקער ליאָוואַ, האָט איבערגעקליגלט די כיטרע לייט פון דעם אַמעריקאַנער קאָנטער־שפּיאָנאַזש. אַזאַ מוט, אַזאַ שלאָגפאַרטיקייט מיט די נייטיקע ווערטער, אַזאַ קלאָרקייט פון שׂכל. זאַשאַ האָט באַדאַרפט דאָ זיין און זען ווער עס איז דער מאַן, ער צי באַלעק. דער האָן מעג האָבן דעם הילכיקסטן קריי און דעם רויטסטן קאַם; אויב ער קאָן נישט באַשיצן די קורטשיקלעך פון דעם הונט, איז ער ווייניקער ווי אַ הון! זאַשאַ וואָלט באַדאַרפט זען ווי דער גרויסער צעלייגער באַלעק האָט זיך באַמאַכט אין די הויזן ווען ער האָט דערזען דעם „עף־בי־איי"־אַגענט. זאַשאַ האָט באַדאַרפט זען, אַז עס איז גאָר געווען „מאַמע לעאָן" וואָס האָט פאַררעדט די ציין און פאַרדרייט די קעפּ סיי דער עף־בי־איי, סיי דער סי־איי־איי, די גרעסטע קנאַקערס פון אַמעריקאַנער קאָנטער־שפּיאָנאַזש. אין אַ געראַנגל צווישן אים און אַמעריקעס שטאַרקסטער אַגענטור האָט ער געוווּנען די איבערהאַנט, איז ער געווען דער האַר פון דער סיטואַציע.

די קרענק האָט געהאַט ביי אים פאַרצערט דאָס לעצטע ביסל ענערגיע. ער האָט פּאַסיוו געוואַרט אויף דעם וואָס מוז קומען. דווקא דאָס אומגליק

מיט דעם אַרעסט האָט אים אויפגעוועקט ווי פון אַ שלאָף. דער קאָפּ אַרבעט פיבערדיק, ער פילט ווי אַלץ אין אים שפּאַנט זיך אָן צו דעם קאַמף פון זײַן לעבן. זיי האָבן באַפרײַט בערנאַרדן, און דאָס איז גאָר אַ טייל פון זײַן נצחון. עס איז מער נישט פאַראַן קיין סכּנה, אַז טעד וועט איבערריַיסן מיט מאַשאַן. אַן אָנקל אַ שפּיאָן איז טאַקע נישט קיין כּבוד, אָבער עס איז ווײַט נישט אַזאַ חרפּה ווי אַ טאַטע אַ שפּיאָן. בערנאַרד וועט אַפילו נישט פאַרלירן זײַן אַרבעט אין דער לאַבאָראַטאָריע. וואָס כ׳האָב אָפּגעטאָן צו דײַן טאַטן, מאַשאַ? איך האָב אים געראַטעוועט!

און אויב די רוסן וועלן ווײַטער שאַנטאַזשירן בערנאַרדן? זיי האָבן דאָך זײַן קוויטירונג. ער האָט מקריב געווען זײַן פרײַהייט, אָבער וואָס פאַר אַ גוטס קאָן דערפון אַרויסקומען, אויב זיי וועלן ווײַטער צווינגען בערנאַרדן צו שפּיאָנירן?

די „עף־בי־איי" האַלט אַוודאי אַן אויג אויף בערנאַרדן. עס איז דאָך זיכער פאַראַן אַזאַ סכּנה, אַז די „עף־בי־איי" וועט אים נאָכשפּיאָנירן, וועלן די רוסן נישט ריזיקירן צו האָבן מיט בערנאַרדן וועלכן עס איז קאָנטאַקט. נייך, ער וועט זיך נישט אָפּעסן דאָס האַרץ וועגן סכּנות וואָס עקסיסטירן נישט און זענען גאָר נישט מעגלעך. בערנאַרד איז איצט אין גאַנצן ריינגע־וואַשן און וועט קאָנען אַריבערברענגען זאַשאַן. גוט, זאָל זי קומען און זען. ווי רופט מען אויס אין דעם פּאָפּולערן טעלעוויזיע־פּראָגראַם: זאָל דער אמתער לעאָן טאַרנאָווסקי זיך אויפשטעלן. ווען דער אמתער, דער ריכטיקער לעאָן טאַרנאָווסקי וועט זיך אויפשטעלן, וועט זאַשאַ מער נישט זען אין אים אַ מאַמע לעאָן, זי וועט זען אַ ריז!

לעאָן, לעאָן, מען האָט דיך אַזוי פיל געשמיסן און דו האָסט גאָרנישט געלערנט דערפון. זאַשאַ וועט זען? זאַשאַ וועט וויסן? דאָס פײַנע ברודערל באַלעק וועט אָנשטעלן זײַן אומשולדיק פּנים און זאַשאַ וועט, פּונקט ווי מאַשאַ, שרײַען: ליאָוואַ, וואָס האָסטו אָפּגעטאָן צו דײַן ברודער?!

„בעלאָוני", זאָגט מען אין אַמעריקע. נאַרישקייטן, אומזין! ער האָט געהאַט אַ גרויסן זיג, פאַר וואָס פאַרגינט ער זיך נישט הנאה צו האָבן דערפון?

## XIII

זייַן דאָקטער האָט עדות געזאָגט, אַז ער האָט טאַקע לוקעמיע. אויף דער פראַגע פון פאַרטיידיקער וויפל עס איז אים נאָך געבליבן צו לעבן, האָט דער דאָקטער געענטפערט: „אַ יאָר און אפשר דאָס אויך נישט". דאָס איז געווען דער איינציקער גוטער מאָמענט אויף דעם גאַנצן פּראָצעס. עס איז אמת, אַז אַמעריקע האָט אים אויפגענומען גאַסטפריַינדלעך און אים אַדאָפּטירט ווי אַן אייגענעם זון, אָבער ס'איז נישט ריכטיק אַז ער איז פאַלש, ליגנעריש און פאַררעטעריש. ער האָט ליב אַמעריקע, ער איז שטאָלץ אויף זייַן אַמעריקאַנער בירגערשאַפט. וואָס האָט ער דען אָוועקגעגעבן? אַ רעצעפּט צו באַשיצן מענטשן פון מיקן, אַ רעצעפּט צו באַשיצן פון עפּידעמיעס. נאָר מעדיצינען.

„מיליטערישע מעדיצינען. סודות!"

„אויב זיי וואָלטן געפאָדערט סודות וועגן אַמעריקעס זיכערקייט, וואָלט ער גיכער געשטאָרבן און נישט געגעבן. אַפילו דעם ערשטן רעצעפּט, ,דעם מאַסקיטאָ־רעפּעלענט' האָט ער געגעבן אונטער שאַנטאַזש".

דאָ איז ער אַרייַן אין אַ נעץ. ביז צום פּראָצעס איז ער געווען אָפּגעהיט צו רעדן ווייניק. וואָס האָט ער זיך פלוצלינג צעפּלאַפּלט און פאַרפּלאָנטערט? ער קאָן דאָך נישט זאָגן אין וואָס עס איז באַשטאַנען דער שאַנטאַזש. זיי האָבן געדראָט צו אַרעסטירן בערנאַרדס ווייַב און טאָכטער, טאָ ווי קומט עס, אַז ער איז געוואָרן אַ שפּיאָן און בערנאַרד איז אומשולדיק?

נאָך איידער מע האָט אים געשטעלט די פראַגע, האָט ער צוגעטראַכט דעם תּירוץ. דאָס איז געשען ווען בערנאַרד איז נאָך געווען אין רוסלאַנד. זיי האָבן געדראָט צו אַרעסטירן בערנאַרדן. מיט דעם רעצעפּט פון אַ נאַרישער שמירעכץ קעגן מאַסקיטן האָט ער אויסגעלייזט זייַן איינציקן ברודער און אים געבראַכט קיין אַמעריקע. ער האָט ליב אַמעריקע טאַקע ווייַל אַמעריקע שאַנטאַזשירט נישט אירע בירגער.

דער תּירוץ האָט אים נאָך מער פאַרפּלאָנטערט. ער האָט באַדאַרפט געדענקען אַז דער ,מאַסקיטאָ־רעפּעלענט' איז געשאַפן געוואָרן שוין נאָך דעם ווי בערנאַרד האָט פאַרלאָזן רוסלאַנד. „הערט אויף צו פאַרטיידיקן

אײַער פּאַטריאָטיזם און שווײַגט", האָט זײַן פּאַרטיידיקער אים אָנגעזאָגט. ער האָט געשוויגן און זיך געקרעקט מיט די ביטערע רייד פון פּראָקוראָר. ער איז אַ געמיין, קליינלעך, כיטרע פאַררעטערל. ער האָט נאָך אַפּילו איצט נישט קיין חרטה. ער האָט נישט אויסגעגעבן קיין איינעם פון זײַנע קאָנ־טאַקטן. מיט זײַן שווײַגן דינט ער נאָך איצט דעם שונא. אויב ער וועט באַפרײַט ווערן, וועט ער גלײַך ווידער זיך פאַרבינדן מיט זײַנע אָפּגעהיטענע קאָנטאַקטן און ווײַטער פאַרראַטן זײַן לאַנד.

## XIV

דאָס טײַערע ברודערל זײַנס האָט אין יענער נאַכט אים איבערגעגעבן פּרטים, אָבער נאָר די פּרטים וואָס האָבן געדינט צו באַשיצן בערנאַרדס פעל. פאַר וואָס טאַקע האָט בערנאַרד אַזוי אָפּגעהיטן די רוסנס סודות ? ער אַליין האָט טאַקע אײַנגערעדט בערנאַרדן, אַז מע וועט נישט אײַנזעצן אין תּפיסה אַ לוקעמיע־קראַנקן וואָס איז שוין פון גורל פאַרמישפּט צו דער מאַקסימאַלער שטראָף. תּפיסה איז דען דאָס ערגסטע ? און אַז ער וועט נאָר געשטעמפּלט ווערן ווי אַ פאַררעטער ? אפשר האָט שוין בערנאַרד פאַרגעסן ווער עס איז דער פאַררעטער און ווער עס האָט הערא׳ִש זיך מקריב געווען פאַר זײַן ברודער ?

וואָס וועט ער טאָן ווען ער וועט אַרויס פון תּפיסה ? ער איז געוואָרן „באַרימט". אַלע צײַטונגען האָבן אַוודאי געדרוקט דאָס בילד פון דעם שפּיאָן, אַלע קענען דאָס פּרצוף פון דעם דעגענעראַט. ער וועט אַפּילו נישט קאָנען אַרײַנגיין אין אַ באַר, די באַר־טענדערס האָבן שאַרפע אויגן. ער וועט כאַפּן אַ ביליק מיידל אין גאַס, גיין מיט איר אין אַ ביליקן האָטעל. זי וועט איבערציילן זײַן געלט און נעמען זיך אויסטאָן, אָבער פּלוצלינג וועט זי אים דערקענען. זי וועט אַ שפּײַ טאָן און אַרויסלויפן. ווען ער וועט אַרויס אויף דער פרײַ און לייענען וואָס די צײַטונגען שרײַבן וועגן אים, וועט ער אַליין אָנהייבן גלייבן אין דעם וואָס זיי שרײַבן און וועט אַליין זיך אָנשפּײַען אַ פול פּנים.

צען יאָר תּפיסה. ער לאַכט פון זייער גערעכטיקייט, ער לאַכט פון זייער אורטל. האָבן זיי אַ מין ווונדער־מעדיצין וואָס קאָן אים דערהאַלטן צען יאָר? עס איז אים שוין ווייניק געבליבן צו לעבן, אָבער ער וועט אָוועק פון דער וועלט אַ שטאָלצער. במשך זײַן גאַנץ לעבן האָט ער זיך געשלעפּט אויף אַ זײַטיקן שליאַך, אָבער בײַם סוף פון זײַנע טעג איז ער געבליבן שטיין פּנים־אל־פּנים מיט אַ מאַכטיקן קעגנער, און ער, דער טויט־קראַנקער לעאָן, איז אַרויס דער זיגער.

## XV

„ווי לאַנג איז אַ לעבנלאַנג? איינער האָט צו לעבן הונדערט יאָר, דער אַנדערער נאָר איין יאָר. דער וואָס האָט נאָר איין יאָר איז דאָס זײַן ‚לעבנ־לאַנג', און דאָס איינע יאָר איז פּונקט אַזוי חשוב ווי דעם אַנדערנס הונדערט, — ס'איז זײַן גאַנץ לעבן. דאָס איז נישט קיין פילאָסאָפיע, בערנאַרד, ס'איז אַ לעבן־חכמה. איך וויל נאָך אין מײַן לעבן־דויער שפּאַצירן אין צענטראַל־פּאַרק, באָדן זיך אין ים אין ברײַטן און — — אפילו נישט קאָנען קוקן אויף אַ פרוי? כ'בין נאָך דערווײַל נישט געשטאָרבן. איך האָב נאָך צום ווייניקסטן נײַן חדשים. נײַן חדשים איז צוויי הונדערט און פיר און פערציק טעג, זעקס טויזנט פינף הונדערט און זעקס און זיבעציק שעה, דרײַ הונדערט פיר און נײַנציק טויזנט פינף הונדערט און זעכציק מינוטן. זאָל איך דיר אויך אויס־רעכענען די סעקונדעס? איך וויל לעבן און אויסלעבן יעדע מינוט, יעטוועדע רגע. כ'ווייס, איך האָב אַליין גענומען אויף זיך דאָס פּעקל, איצטער איז דײַן ריי צו זוכן עצות. דו מוזסט געפינען אַן אויסוועג, אַנישט וועל איך אַליין מוזן עפּעס טאָן".

„צי איך סטראַשע דיך? דערווײַל טראַכט איך נאָר אויפן קול. כ'קאָן דאָ נישט בלײַבן, דאָס איז זיכער. כ'ווייס נאָך נישט וואָס כ'וועל טאָן, אָבער אויב כ'וועל מוזן, וועל איך עפּעס טאָן. איך קאָן דאָ נישט זיצן אַפילו ביז דער אַפּעלאַציע".

„צוואָנציק טויזנט קויציע פאַרלאַנגען זיי? וואָס האָבן זיי פּלוצלינג געהעכערט צו צוואָנציק טויזנט? כ'האָב גאָר נישט געוווּסט, אַז איך בין

ווערט אַזוי פּיל. זעסטו שוין? מע קאָן עפּעס טאָן. גיי צו הילף־אָרגאַניזאַציעס פֿאַר אַרעסטאַנטן, באַגנבֿע אַ באַנק. דו האָסט געזאָגט זיי האָבן צוריקגעגעבן מײַנע פֿאָסטמאַרקעס, פֿאַרזעץ זיי, פֿאַרקויף זיי. עטלעכע און צוואַנציק יאָר מי, פֿאַרקויף עס פֿאַר אַ טאָג אויף דער פֿרײַ, דו דרויסן, האָסט אַ סך וועגן, איך דאָ קאָן האָבן נאָר איין וועג".

## XVI

ניין, ער איז נישט משוגע געוואָרן. אפֿשר איז עס אמת, אַז דאָס ייִנגל וואָס אין דער דירה איבער זיי, האָט אַלע מאָל געשפּילט באַלעם אין הויז. אַ מאָל האָט עס אים נישט געאַרט, איצט — יעדער קלאַפּ, ווי דער באַלעם וואָלט געפֿאַלן אין זײַן קאָפּ אַרײַן. און וואָס האָט ער אַזוי געזינדיקט, אַז ער האָט געבעטן בערנאַרדן קויפֿן פֿאַר אים אַ פּאָר סעקס־זשורנאַלן? נעבן טײַמס־סקווער זענען פֿאַראַן צענדליקער געשעפֿטן וואָס האַנדלען מיט דער סחורה און קיינער שטערט זיי נישט. פֿאַר וואָס ער גייט נישט אַליין? ווײַל ער האָט גענומען אויף זיך בערנאַרדס זינד און מע קוקט אים נאָך אין די גאַסן. אויב ער וואָלט נישט גענומען אויף זיך דאָס פּעקל, וואָלט דער "צדיק" בערנאַרד זיך נישט באַדאַרפֿט דערנידעריקן צו גיין אײַנקויפֿן פּאָרנאָגראַפֿישע ליטעראַטור. ניין, מאַשאַ וועט נישט זען די סחורה. ערשטנס, איז ער דער וואָס רוימט אַוועק דאָס, וואָס אַלע לאָזן איבער צעשפּרייט איבערן גאַנצן הויז. זײַנע זאַכן דאַרף קיינער נישט צונויפֿקלײַבן. צווייטנס, פֿלעגט די צנועה, מאַשאַ, אַליין אַרומלויפֿן איבערן הויז אין אַ מעמד, אַז ער האָט נישט באַדאַרפֿט אָנקומען צו זשורנאַלן. אפֿשר וועט ער גאָר פֿאַר־לאַנגען, בערנאַרד זאָל אים ברענגען אַ מיידל אין שטוב אַרײַן. בערנאַרד וועט זיך שעמען פֿאַר די שכנים? און אַז די שכנים מיינען אַז ער, לעאָן, איז דער שפּיאָן? ער האָט אויך שטאָלץ און בושה און מאָראַל, מער פֿאַר בערנאַרדן מיט מאַשאַן צוזאַמענגענומען.

"די אַלע וואָכן זינט ביסט אַהיימגעקומען זענען איין לאַנגער קאָשמאַר".

"און די פּאָר חדשים וואָס איך לײַד פֿאַר דײַנע זינד זענען איין לאַנגער פּיקניק", האָט ער געענטפֿערט בערנאַרדן.

## XVII

אַלע האָבן אים פֿאַרזיכערט, אַז די אַמעריקאַנער יוסטיץ קריכט ווי אַ טשערעפּאַכע, אָבער בנוגע אים איז זי געלאָפן ווי אַ געיעג־פֿערדל. עס איז נאָך נישט פֿאַרבײַ קיין גאַנץ יאָר זינט דעם ערשטן אַרעסט, און דאָס אַפּעליר־געריכט האָט שוין באַשטימט דעם טאָג פֿאַר אַ נײַעם מישפּט. ער האָט זיך ווידער געגומען אײַנרעדן, אַז זיי וועלן נישט פֿאַרמישפּטן אַ מענטש וואָס האַלט בײַם שטאַרבן. זיי וועלן נישט? זיי האָבן איין מאָל פֿאַרמישפּט און וועלן ווידער פֿאַרמישפּטן. זיי מיינען דאָך אַז ער איז נאָך אַלץ געטרײַ די רוסן. ער איז חסר־דעה. צי וואָס? וואָס האָט ער געשוויגן ביז איצט?

ער האָט געהאָפֿט, אַז דאָס מזל וועט אים צודינגען און ער וועט אויסציִען די פּיס נאָך איידער עס וועט קומען צו אַ נײַעם מישפּט. ביין, ער איז נישט מזלדיק און — — אפשר איז עס גאָר בערנאַרדס שלעכטער מזל. זאָל נאָר בערנאַרד אַהיימקומען פֿון דער אַרבעט. ער וועט מוזן אויסזאָגן אַלץ וועגן זײַנע קאָנטאַקטן, אויב ער וויל אויסמײַדן צרות.

בערנאַרד האָט זײַנע קאָנטאַקטן געטראָפֿן אין גאַס. אַלע מאָל אַן אַנדער מענטש, אַלע מאָל אויף אַן אַנדער אָרט. ער האָט דערקענט דעם קאָנטאַקט דורך אַ פֿריִער אָפּגערעדטן סימן. ער האָט שוין נישט געהערט פֿון זיי זינט מ'האָט אים אָנגעהויבן נאָכשפּירן. ער האָט פֿאַרלוירן יעדן פֿאַרבינד מיט זיי, אַכיבע — — — דער ערשטער, דער וואָס האָט אים געסטראַשעט און שאַנ־טאַזשירט און געצווונגען צו ברענגען דעם רעצעפּט פֿון דעם „מאָסקיטאָ־רעפּעלענט", דער האָט זיך צוגעטשעפּעט צו אים נאָך דעם ווי ער איז אַרויס פֿון דעם אוקראַיִנישן קאָנסולאַר־באַאַמטן מאַדרינין. ער איז געגאַנגען אַהין וועגן אַ וויזע פֿאַר זאַשאַן און בעלאַן.

„מאַדרינין? וואָס איז זײַן ערשטער נאָמען? וואָס איז זײַן אַמט?"

„אַ באַאַמטער אין קאָנסולאַט. דאָס איז אַלץ וואָס איך ווייס. דאָס איז געווען אַרום דרײַ חדשים נאָך מײַן אָנקומען קיין ניו־יאָרק".

## XVIII

לעאָן האָט פראָבירט זיך פאַרבינדן מיטן פראָקוראָר. דאָס ביוראָ איז שוין געווען געשלאָסן, האָט ער געקלונגען צו דער פאָליציי און געבעטן אים פאַרבינדן מיט דער עף־בי־איי. יענע האָבן זיך כּלל נישט געאײַלט. זיי וועלן אים צוריקרופן מאָרגן פרי.

דער „מאָרגן פרי" איז בײַ זיי געווען איינס נאָך מיטאָג. זיי האָבן באַשטימט פאַר אים אַ צוזאַמענטרעף מיטן פראָקוראָר ערשט אויף פיר אַ זייגער. אויב אַמעריקע איז אין אַזאַ סכּנה צוליב די פאַר רעצעפּטן וואָס די רוסן האָבן באַקומען, פאַר וואָס אײַלן זיי זיך נישט אויסצוהערן זײַן ווידוי?

ער איז נישט קיין פאַררעטער, ער האָט ליב אַמעריקע. ער האָט נישט אויסגעזאָגט וועגן זײַנע קאָנטאַקטן ווײַל ער האָט נישט געדענקט. אַז ער האָט זיך דערמאָנט, איז ער גלײַך געקומען צו לויפן. ס'איז מאַדרינין פון קאָנסולאַט.

דער מאַן וואָס האָט אים אויסגעפרעגט, האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ שפּאָטישן בליק און אויסגעדרייט זיך צום פראָקוראָר: „דער פּאַטריאָט וואָס האָט אַזוי ליב אַמעריקע האָט פאַרגעסן וועגן זײַן קאָנטאַקט אַזוי לאַנג ווי יענער איז געווען אין אַמעריקע. מאַדרינין איז צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד מיט צוויי וואָכן צוריק און טאַרנאָווסקיס זכּרון האָט באַקוועם אויפגעוואַכט".

ס'האָט אײַנגעטראָטן אַ לאַנג שטילשווײַגן. דער סי־אײַ־איי־מאַן האָט זיך פלוצלינג אויסגעדרייט צו אים: „פון וואַנען ווייסטו, אַז דו מעגסט שוין רעדן וועגן מאַדרינינען, דו שטייסט מיט זיי אין קאָנטאַקט?"

דאָס מיינט אַז בערנאַרד שטייט מיט זיי אין פאַרבינדונג. בערנאַרד האָט פאַרראַטן אַמעריקע און פאַרראַט נאָך אַלץ זײַן ברודער, וואָס האָט געשטרעקט דעם האַלדז פאַר אים. ער וואָלט איצט אויסגעזאָגט דעם גאַנצן אמת, אָבער ווער וועט אים גלייבן? בערנאַרד מוז אַליין גיין זיך מודה זײַן. ער וועט מוזן גיין, אַנישט וועט ער אים דערשטיקן.

## XIX

בערנאַרד איז געזעסן אין אַ טיפן שטול, ער האָט אויסגעהערט און נישט געענטפערט אַ וואָרט. ער האָט שווער זיך אויפגעהויבן און אָן אַ וואָרט זיך געלאָזט צו דער טיר.

„וווהין גייסטו?"

„צום פּראָקוראָר".

„צום פּראָקוראָר?"

„צום פּראָקוראָר, זיך מודה זײַן".

„וואָס איז ס׳געלויף? דאַרפסט אַפילו נישט איבעררעדן עס מיט מיר?"

„וואָס איז דאָ פאַראַן איבערצורעדן?"

„כ׳האָב זיך מקריב געווען פאַר דיר".

„וואָס האָט עס געהאָלפן? דו ביסט גערעכט, מע דאַרף מאַכן אַ סוף צו דעם קאָשמאַר".

„אָבער וואָס איז ס׳געאײַל?"

„דו ווילסט דאָך — — —"

„איך ווייס דען וואָס איך וויל. און וואָס וועט זײַן מיט מאַשאַן?"

„וואָס קאָן איך טאָן?"

„איך האָב געשווירן, אַז איך האָב עס געטאָן. מע האָט מיך געוואָרנט, אַז פאַר שווערן פאַלש ווערט מען שטרענג באַשטראָפט. דיך וועט מען אײַנזעצן פאַר שפּיאָנאַזש, מיך פאַר שווערן פאַלש".

„ס׳איז נישט דאָס זעלביקע".

„ניין, ס׳איז נישט דאָס זעלביקע. פאַר פאַלש שווערן וועט מען מיך פאַרמישפּטן נאָר אויף צוויי יאָר אָדער דרײַ. אין מײַן מצב איז עס דאָס זעלביקע וואָס צען יאָר".

„טאָ וואָס זאָל איך טאָן, לעאָן? וואָס ווילסטו זאָל איך טאָן?"

„מע דאַרף עס איבערטראַכטן. און ס׳איז זונטיק, דעם פּראָקוראָרס ביוראָ איז איצט סײַ ווי געשלאָסן".

בערנאַרד האָט זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט אין דעם טיפן שטול און ווידער פאַרזונקען אין שווײַגן.

ווי דער בערנאַרד האָט זיך געעלטערט. אַ טרוקענע, געלע הויט, אײַנ־געזונקענע אויגן. אַ קוויטאַציע האָט ער אונטערגעשריבן, דער נאַר, און זיך פאַרקויפט צום טײַוול. וואָס עס איז געוואָרן פון דעם שיינעם באַלעק. ווי אַ סקעלעט זעט ער אויס, נישט ווי דער קראַסאַוויץ וואָס האָט געפאַנגען אַלע מיידלישע הערצער. אָרעמער בערנאַרד.

„וואָס זיצסטו ווי אַ הון אויף די אייער, בערנאַרד, דו זעסט אויס, — אַ שענערן לייגט מען אין דר׳ערד אַרײַן. גיי אַרויס אין גאַס, פאָר צו קיין ברײַטן צום ים, כאַפּ אַ ביסל זון איידער דער זומער פאַרשווינדט”.

בערנאַרד האָט נישט געענטפערט, ער האָט נאָר אַ טיפן קרעכץ געטאָן און איז אַרויס אין גאַס. בערנאַרד האָט געקרעכצט, ווי ער, לעאָן, וואָלט שולדיק געווען אין אַלע צרות. ער אַליין, אַז ער גיט אַ קוק אויף בערנאַרדן, פילט ער זיך ווי אַ רוצח. מיט דעם בערנאַרד איז עס אַלע מאָל אַזוי. ווען ער האָט זיך פאַרליבט אין זאָשאַן, אָדער זאָשאַ אין אים, האָט ער געהאַט פּונקט אַזאַ לײַדנדיק יעזוס־פּנים ווי איצט. ער האָט געליטן, אָבער זאָשאַ איז געבליבן זײַנע. איצט וועט ער אַזוי לאַנג לײַדן ביז זײַן ברודער וועט אויסזיצן די קאַפּיטעס אין תּפיסה. דעמאָלט וועט ער באמת זײַן געראַטעוועט. ווער ווייסט צי ער האָט טאַקע געמיינט צו גיין זיך מודה זײַן? בערנאַרד קען זײַן ברודער „ליאָוואַ די מאַמע” און איז אַ מבין אויף אים, מער ווי ליאָוואַ איז אויף זיך אַליין. פאַר וואָס, צו אַל די רוחות, האָט ער אים נישט געלאָזט גיין כאָטש ביז צום פּראָקוראָרס טיר?

אַ פאַרשאָלטענע טבע האָט ער, צוריקצוצײַען זיך פאַר דער צײַט. געווען איצט אַ געלעגנהייט אַ קוק צו טאָן וואָס עס ליגט הינטער בערנאַרדס יעזוס־מאַסקע. אויב ער בלאָפט איצט, האָט ער געליגנערט אויך דעמאָלט ווען ער האָט געזאָגט, אַז ער מוז חתונה האָבן מיט זאָשאַן ווײַל עס איז בײַ זיי אַוועק צו ווײַט. ער האָט שפּעטער ווידער געליגנערט, אַז זאָשאַ האָט געמפּלט. פאַר וואָס האָט זאָשאַ זיך נישט פאַרלוירן מיט אים? איידער בערנאַרד איז צוריק־געקומען פון גימנאַזיע, האָט זאָשאַ זיך געקושט מיט אים, זיך געטוליעט און געדריקט צו אים מיט אירע יאָדערדיקע גלידער. האָט זי זיך נאָר געררייצט מיט אים? און די מאַשע, ביז זי האָט געפונען טעדן, האָט זי זיך טאַקע גערייצט מיט אים?

ווען באַלעק איז געקומען אים זאָגן, אַז ער מוז חתונה האָבן מיט מאַשאַן, וואָס האָט ער געטאָן? ער איז אַהיימגעלאָפן, אַוועקגעשטעלט זיך בײַם שפּיגל, און אַרויסגעשטעלט די צונג צו זיך אַליין: מאַמע ליאָווע!

XX

אַ שליסל האָט זיך איבערגעדרייט אין דעם טירשלאָס, ס'איז געווען מאַשאַ. „פּאַפּאַ איז נישטאָ?" זי האָט נישט געוואַרט אויף אַן ענטפער און געלאָפן צו איר צימער.

„כ'וויל גיין זען ‚לאַ דאָלטשע וויטאַ', ווילסט מיטגיין?" האָט ער איר נאָכגעשריגן.

„ניין", האָט זי געענטפערט נאָר מיט איין וואָרט. זי קאָן אים נאָך אַלץ נישט מוחל זײַן די חרפה וואָס ער האָט אויף איר געבראַכט.

„ס'איז קיל אין די מוּוויס".

דאָס לעצטע האָט זי שוין אַוודאי נישט געהערט. זי האָט זיך פאַרשלאָסן אין וואַשצימער. אַהאַ, זי נעמט אַ שפּריץ. זי וועט באַלד, אַ געוואַשענע אין זײַן באַדצימער, אַוועקלויפן צו אַ פרעמדן יונג. זי וועט אַרויספאַלן אויף דעם טעד אַן אָפּגעפרישטע, ער וועט צעקנעפּלען איר בלוזע, ער וועט צעך העקלען איר סטענדל און — — —

ווען קיין מאַן האָט זי נישט באַמערקט, איז אַנקל אויך געווען אַ מאַן, אַנישט פאַר וואָס איז זי אַרומגעלאָפן אין שטוב האַלב נאַקעט און אים שיער נישט געטריבן צו משוגעת? ווען דער טעד האָט זיך נאָר באַוויזן אויף איר האָריזאָנט, איז זי פּלוצלינג געוואָרן באַשיידן און שעמעוודיק. קיינער ווייסט נישט ווי ער האָט קראַפּירט אין די נעכט, קיינער ווייסט נישט אַז ער איז געלאָפן צו אַ פּסיכיאַטער וואָס זאָל אים העלפן געדענקען אַז זי איז נאָך אַ קינד, און זײַן ברודערס קינד.

די פּאַטריצישע דאַמעס פלעגן זיך אויסטאָן אינעם בײַזײַן פון זייערע קנעכט, ווײַל אַ קנעכט איז אַ קנעכט און נישט קיין מאַן. מאַשאַ האָט זיך אויסגעטאָן פאַר אים ווײַל אַנקל איז אַנקל, נישט קיין מאַן.

ער איז צוריק אַרײַנגעפאַלן אין זײַן פאָטעל. אין באַדצימער האָט זיך

געגאָסן דאָס וואַסער פון שפּריץ, און פון זײַן שטערן האָט זיך געגאָסן דער שוויס. וואָס וואַשט זי זיך אַזוי פיל? וואָס דאַרף זי אַראָפּוואַשן אַז עס נעמט איר אַזוי לאַנג?

זי איז שוין, גאָט צום דאַנקען, אַרויס פון באַדצימער. ער וואָלט איצט באַדאַרפט אַרונטער אונטער אַ קאַלטן שפּריץ. „באַי", הערט ער פּלוצלינג און זי איז שוין בײַ דער טיר.

„גוד־באַי, מאַשינקאַ, פאַרברענג גוט".

XXI

נישט ער גייט צו אַן אַרבעט, נישט ער האָט מוט זיך צו באַווײַזן אין גאַס, און אין דער היים האָט ער נישט וואָס צו טאָן. צו לייענען אַ בוך האָט ער נישט קיין געדולד. זײַן קאָלעקציע פון פּאָסטמאַרקעס האָט בערנאַרד פאַר־זעצט. הלוואַי וואָלט ער געבוירן געוואָרן אַ קאַטויל, וואָלט ער כאָטש געקאָנט גיין צום גלח זיך אַראָפּרעדן פון האַרץ. דער אַדוואָקאַט וואָס בערנאַרד האָט פאַר אים אַנגאַזשירט איז, ווײַזט אויס, צו פיל פאַרנומען צו ענטפערן ווען ער טעלעפאָנירט. מיט וועמען עצהט מען זיך?

אויב ער וואָלט געווען אַ קאַטויל. וואָס איז ער? לעמבעריק איז, בעת ער איז געבוירן געוואָרן, געווען עסטרײַך; נאָך איידער ער האָט אַרויסגע־רעדט דאָס ערשטע וואָרט, איז עס אײַנגענומען געוואָרן פון דעם צאַרס רוסלאַנד. ווען ער האָט אָנגעהויבן גיין אין שול, איז עס שוין געווען לעמ־בעריק, פּוילן, מיט אַ גרויסער רוטעניש־אוקראַיִנישער באַפעלקערונג וואָס האָט פאַרלאַנגט אויטאָנאָמיע. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז עס גע־וואָרן אַ טייל פון סאָוועטיש אוקראַיִנע. אין פאָלקשול האָט ער געוואָלט אָנגיין ווי אַ פּאָליאַק, אין אוניווערסיטעט האָט ער, באַווירקט פון זאַשאַן, סימ־פּאַטיזירט מיט די אוקראַיִנער, און סך־הכל הייסט ער לעאָן און איז געמלעט.

וואָס ער איז? ער איז אַן אַמעריקאַנער. די פאַרשווינען פון דער סי־אײַ־איי שפּאָטן ווען ער רעדט וועגן דעם, אָבער איין גאָט ווייסט דעם אמת, אַז ער האָט גאָר נישט געוווּסט וועגן בערנאַרדס מעשׂים. יאָ, מיט אַ גאָט וואָלט אים גוט געווען, ער וואָלט געהאַט עמעצן וואָס ווייסט ווי אומשולדיק

ער איז. אפשר איז דאָך פֿאַראַן אַ גאָט און ער ווערט אַזוי באַשטראָפֿט פֿאַר זײַן אומגלויבן?

בײַ וועמען האָט ער זיך געזאָלט אויסלערנען גלייבן? דער טאַטע איז געפֿאַלן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַן אונטעראָפֿיציר פֿון דער עס־טרײַך־אונגערישער מאָנאַרכיע. די מאָנאַרכיע האָט איבערגעלעבט זײַן טאַטן מיט ווייניקער ווי אַ יאָר. די מאַמע איז געווען אַ דענטיסטין און אויסגע־האַלטן די משפּחה. אויף וויפֿל ער געדענקט, האָט זי זיך געהאַלטן פֿאַר אַ פּוילישער פּאַטריאָטקע, מיט ייִדן האָט זי אויף יעדן פֿאַל קיין שײַכות נישט געהאַט. ער איז טאַקע אַן אַמעריקאַנער, אָבער יעדער אַמעריקאַנער אימיגראַנט געהערט ערגעץ. פֿאַראַן אין ניו־יאָרק קלובן, ייִדישע, פּוילישע, אוקראַיִנישע, ער איז צו קיינעם פֿון זיי נישט געגאַנגען. אונטער דער השפּעה פֿון זאָשאַן און איר באַנדע, האָט ער פֿײַנט געקראָגן די פּאָליאַקן. נאָך דעם ווי זאָשאַ האָט אים אויסגעביטן אויף באַלעקן, האָט ער די אוקראַיִנער אויך נישט ליב געהאַט. ייִדן? ער שטאַמט טאַקע פֿון ייִדן, אָבער זיי זענען צו טומלדיק, צו נערוועז, וואָס פֿאַר אַ שײַכות קען ער האָבן מיט ייִדן? אין קיין סינאַגאָגע, קאָשטשאָל אָדער צערקווע וועט ער דאָך שוין נישט גיין, און עס אַרט אים נישט צי מ'עט אים באַגראָבן אונטער אַ צלם אָדער אַ מגן־דוד. ער פֿילט נישט קיין קרובישאַפֿט צו די פֿעלקער צווישן וועלכע ער איז געבוירן געוואָרן. צו האָבן אַ קרוב האָט ער איבערגעבראַכט אַ ברודער און אַ פּלימעניצע. דער ברודער פֿאַרראַט אים אויף שריט און טריט, און די פּלימעניצע — זינט זי גייט אַרום מיט דעם טעד, איז זי געוואָרן אַ גאַנצע ציוניסטקע און האָט אַ נײַע סעריע טענות קעגן אים. ס'איז גאָר אַ שאלה צי זי קען חתונה האָבן מיט טעדן, זי איז דאָך נאָר אַ האַלבע ייִדישקע. פֿאַר וואָס טאַקע נישט אַ פֿרעג טאָן בײַ אַ ראַבײַ?

ער האָט אויסגעזוכט די טעלעפֿאָן־נומערן פֿון ראַבײַס, טעלעפֿאָנירט. צוויי שעה זענען פֿאַרבײַ. אַלע ראַבײַס זענען געהאַט אָוועקגעפֿאָרן פֿאַר דעם סוף־וואָך. איין ראַבײַ איז יאָ געבליבן אין שטאָט צוליב אַ חתונה, איז ער פֿאַרנומען און קען נישט קומען צום טעלעפֿאָן. נישטאָ מער קיין ראַבײַס אויף די געלע בלעטער פֿון דעם טעלעפֿאָן־בוך, און אַ געלע זון ליגט נאָך אַלץ אײַנגעבאַקן אין די שויבן. נישט מע קען שלאָפֿן, נישט מע קען

אָטעמען. אויב ער וואָלט נישט אָוועקגעשיקט בערנאַרדן, וואָלט כאָטש געווען צו וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט.

אַ קלינג אין טיר. ווער קאָן דאָס זײַן? מאַשאַ און בערנאַרד האָבן זייערע שליסלען, אַוודאי אַ טעות.

געווען איז עס מאַשאַ. זי האָט געקלונגען מחמת זי איז נישט געווען אַליין, טעד איז מיט איר. זאָל זײַן טעד, זאָל זײַן דער טײַוול אַליין, אַבי עמעצער מיט וועמען מע קאָן אויסרעדן אַ וואָרט.

אָן אויסצורעדן אַ וואָרט האָט מאַשע אַוועקגעפירט טעדן צו זיך אין צימער און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. ער האָט איר געהאַט געקויפט אַ פּאַטעפאָן, אַ מתּנה צו איר צוואַנציקסטן געבוירן־טאָג. דער ביליקער פּאַטעפאָן האָט געקאָנט מאַכן אַ גרויסן טומל ווען זי האָט געוואָלט דער אָנקל זאָל נישט הערן וואָס עס טוט זיך אין איר צימער. זיי לויפן אַרום — ווער ווייסט ווו. ער האָט נאָר די פּאָר איילן פון זײַן שטוב, און זי ווייסט אַז די טשאָבי טשעקער־פּליטע „טוויסט" קריכט אים שוין פון האַלדז און שלאָגט אַרויף ווי אַ זויער געקעכץ.

„כ'האָב אַ קאָפּווייטיק, אפשר קאָנסטו עס מאַכן אַ ביסל שטילער, מאַשינקאַ?" דאָס איז אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט ווען ער האָט אָנגעקלאַפּט אין איר טיר. יאָ, ער האָט דרײַ מאָל געקלאַפּט אין איר טיר. אויב זי וואָלט עס געמאַכט שטילער בײַם ערשטן מאָל, וואָלט ער נישט באַדאַרפט קלאַפּן אַפילו קיין צוויי מאָל. זיי זענען אַרויסגעלאָפן פון הויז, מאַשאַ האָט אַ טראַסק געטאָן מיט דער טיר. וואָס האָט ער דאָ געזינדיקט? ער איז אַ קראַנקער, געפּלאָגטער מענטש. זי מעג האָבן אַ באָי־פרענד, און ער מעג האָבן אַ קאָפּווייטיק.

מאַשאַ איז צוריקגעקומען אַליין. „מאַשינקאַ, כ'וויל רעדן מיט דיר".

„האָסט דאָך אַ קאָפּווייטיק", האָט זי בייז געענטפערט און געלאָפן צו איר צימער.

„וואָס האָסטו צו מיר, מאַשאַ?" איז ער איר נאָכגעלאָפן. „פלעגסט זאָגן, אַז כ'בין דיר ווי אַן אייגענער טאַטע, פלעגסט שעהען רעדן מיט מיר, גיין מיט מיר אין די מוּוויס. וואָס איז געשען? האָט טעד דיך אַזוי פאַרסמט?"

„נישט איך האָב זיך געביטן. און לאָז צו רו טעדן".

„איך האָב זיך געביטן? דו מיינסט מײַן אַרעסט? נו, וואָס קאָן איך טאָן? ס'אַן אומגליק. מ'האָט מיך שאַנטאַזשירט. כ'האָב עס דאָך געטאָן כּדי זיי זאָלן דײַן טאַטן אַרויסלאָזן פון רוסלאַנד".

„פּאַפּאַ האָט נישט פאַרלאַנגט, דו זאָלסט ווערן אַ שפּיאָן. דו פאַרמו־טשעסט אים צום טויט".

„ער באַקלאָגט זיך פאַר דיר?"

„און אַז ער באַקלאָגט זיך?"

„אפשר האָב איך אויך אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן? דײַן פּאַפּאַ איז נישט דער גרעסטער צדיק. כ'וואָלט דיר געקאָנט זאָגן עפּעס וועגן דײַן פּאַפּאַ".

„,ער האָט אָוועקגענומען דאָס מיידל בײַם אייגענעם ברודער'. כ'האָב עס שוין געהערט טויזנט מאָל, מכּלומרשט, אין שפּאָס: ,דו ווייסט, מאַשינקאַ, דו וואָלטסט געקאָנט זײַן מײַן טאָכטער'. אפשר האָט ער נישט גענומען? אפשר איז זי אַליין געלאָפן צו אים? איך אויף מאַמאָס אָרט———"

„בײַס דיר אָפּ די צונג, מאַשינקאַ. זאָג נישט מער. כ'בין אַ געשלאָגענער הונט אָן דעם".

„הער אויף צו פאַרמאַטערן פּאַפּאַן צום טויט".

„האָט ער דיר געזאָגט, דײַן גוטער, פײַנער פּאַפּאַ, אַז איך מאַטער אים? האָט ער דיר געזאָגט מיט וואָס איך מאַטער אים?"

„אָנקל, ס'איז הייס און כ'בין מיד און דו האָסט, דאַכט זיך, קאַפּוויטיק..."

„איך האָב אַ גרעסערן קאַפּווייטיק ווי דו מיינסט. אַז האָסט שוין אָנגע־הויבן רעדן, לאָמיר זיך אויסרעדן ביזן סוף. איך ווייס נישט אַז איך מאַטער דײַן פּאַפּאַ, איך האָב געמיינט אַז כ'האָב עפּעס געטאָן פאַר אים".

„יאָ, אָנקל, דו האָסט אונדז געבראַכט אַהער, מיר האָבן עס שוין טויזנט מאָל אויסגעקרעכצט. איך גלייב נישט, אַז דו ביסט געוואָרן אַ שפּיאָן צוליב אונדז. אַ שפּיאָן איז אַ שפּיאָן. מע דאַרף עס האָבן אין זיך צו קאָנען עס טאָן. דו האָסט אַ קרבן־קאָמפּלעקס און דאָס איז אַלץ. דו טוסט אָפּ די מיאוסטע זאַכן און ווילסט וואַרפן די שולד אויפן פּאַפּאַן".

„אַזוי גאָר, ,אַ שפּיאָן איז אַ שפּיאָן. מע דאַרף עס האָבן אין זיך'. און וואָס וועט זײַן אויב איך וועל דיר זאָגן, אַז איך בין נישט קיין שפּיאָן, אַז איך האָב עס נישט אין זיך?"

מאַשאַ האָט געקוקט אויף אים מיט שפּאָט.

„דו גלייבסט מיר נישט, האַ? און וואָס וועט זײַן אַז איך וועל דיר זאָגן, אַז דײַן פּאַפּאַ איז דער שפּיאָן, איך האָב נאָר ———"

„וועל איך זאָגן, אַז דו ביסט אַ וויסטער, פינצטערער ליגנער. איך האָב דאָס שוין לאַנג חושד געווען. אַפילו די לוקעמיע, וואָס איז אַ מאָל לוקעמיע און אַ מאָל דיאַבעט, איז, דאַכט זיך מיר, סימולירט".

ער איז צוגעשפּרונגען און אַרויפגעפאַלן אויף איר מיט די פויסטן. די קני‍ען האָבן זיך אַ ברעך געטאָן אונטער אים, ער איז קוים אַרויס פון איר צימער און זיך צוגעשלעפּט צו זײַן בעט.

ער האָט געכליפּעט אויפן קול. היסטעריש געכליפּעט, און זי איז אַפילו נישט אַרײַנגעקומען אַ קוק טאָן. ער האָט געקאָנט אויסגיין, ס'וואָלט זי אַפילו נישט געאַרט. אַ שאָד אַזאַ פײַנער ייִדישער בחור ווי טעד זאָל אַרײַנפאַלן צו אַן אייניקל פון אוקראַינער פּאָגראָמשטשיקעס. און צוליב אַזאַ שטיק סם האָט ער זיך מקריב געווען. ווו איז דער בערנאַרד ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן? די לוקעמיע איז סימולירט? הלוואַי זאָל ער פגרן איצט דאָ אויפן בעט, וועט זי שוין גלייבן.

## XXII

ס'איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט. ער איז אויפגעשטאַנען נעמען אַ טרונק וואַסער. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין מאַשאַס טיר. זי האָט נישט געענטפערט. „פאַרגיב מיר, מאַשינקאַ, דו ביסט מיר ווי אַן אייגן קינד און איך האָב דיך גאָר געשלאָגן. זײַ מיר מוחל, מאַשינקאַ, וועמען האָב איך דען חוץ דיך? זאָג, אַז דו ביסט מיר מוחל".

מאַשאַ האָט זיך נישט אָנגערופן.

„כ'ווייס, אַז דו שלאָפסט נישט. גלייב מיר, איך האָב עס געטאָן פאַר דיר. אויב דײַן מאַמע וואָלט חתונה געהאַט מיט מיר און דו וואָלטסט געווען מײַן אייגן קינד, וואָלט איך דיך נישט געקאָנט מער ליב האָבן. זאָג, אַז ביסט מיר מוחל".

מאַשאַ האָט נישט געענטפערט. ער איז געבליבן שטיין אָנגעלענט אין

איר טיר און געהעשעט ווי אַ געשלאָגענער הונט. ער האָט אַפילו נישט געהערט בערנאַרדן אַרײַנקומען.

„וואָס טוט זיך דאָ? וואָס שטייסטו דאָ? ווו איז מאַשאַ?"

ער האָט געעפנט די טיר, אַרײַן אין מאַשאַס צימער. בערנאַרד איז אים נאָכגעגאַנגען און אָנגעצונדן דאָס ליכט.

„גיי אַרויס! לאָז מיך צו רו!" האָט מאַשאַ זיך צעשריגן.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און אַרומגעכאַפּט בערנאַרדס פיס. „זאָג איר, באַלעק, זאָג איר, אַז כ'האָב עס געטאָן פאַר אירעט וועגן. כ'בעט דיך, בערנאַרד, זאָג דעם אמת".

„דו ביסט קראַנק, לעאָן, דו הרגעסט זיך אַוועק. לייג זיך אין בעט אַרײַן, כ'בעט דיך".

„כ'בין קראַנק, זייער קראַנק, בערנאַרד. כ'ווייס נישט וויפל צײַט ס'איז מיר געבליבן, איך פיל עס עקט זיך. זאָג איר, בערנאַרד, דו מוזסט איר זאָגן".

„שטיי אויף לעאָן, כ'וועל דיר געבן אַ באַרוִיקפּיל".

ער האָט זיך אויפגעשטעלט. און ווײַטער זיך געבעטן: „זי מיינט דאָך, כ'בין פון זינען אַראָפּ. זאָג איר, בערנאַרד, זאָג איר, אַז איך האָב עס נישט אין זיך. איך בין אַ וויסטער, פינצטערער ליגנער, מאַשאַ? פרעג דײַן טאַטן. געדענקסט ער האָט אַרויסגעקוקט דורך די רולעטן, דו האָסט געפרעגט צי ער האָט אַ בעסערן שידוך און ——— דאָס איז געווען ווען דו, מאַשאַ, ביסט אַהיימגעקומען מיט דער בשורה, אַז טעד האָט דיר געגעבן אַ רינגל. דו געדענקסט? דער טאַטע האָט מיך אַרײַנגעפירט אין דער אַנדערער שטוב עפּעס צו זאָגן. ווייסט וואָס ער האָט מיר געזאָגט? ער האָט מיר געזאָגט, אַז מען שפּירט אים נאָך, ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אַ שפּיאָן. איך האָב עס גענומען אויף זיך צוליב דיר און ווײַל כ'בין קראַנק. עס איז נישט סימולירט, מאַשאַ, דאָס וועסט דו מיר זיכער גלייבן, איך קאָן אַוועקפּגרן אַזוי ווי איך שטיי דאָ. זאָג איר, אַז ס'איז אמת, בערנאַרד".

„אַרויס! ביידע אַרויס פון דאַנען, כ'האָב אײַך ביידן פײַנט!" האָט מאַשאַ זיך צעשריגן. ער האָט געלאָזט, בערנאַרד זאָל אים אַרויספירן און אַוועקלייגן אויפן בעט.

## XXIII

ס'איז געווען יענעם אויפדערנאַכט ווען באַלעק האָט אים געזאָגט, אַז ער מוז חתונה האָבן מיט זאָשאַן ווײַל ס'איז בײַ זיי דערגאַנגען צו ווײַט. ער האָט געענטפערט אַז ער איז נישט אין כּעס, אַז ער איז העכער פון אַזעלכע זאַכן, אַז ער האָט עס שוין געוווּסט פריִער ווען ער האָט זיי געזען שפּאַצירן און האַלטן זיך בײַ די הענט. און אָט ווערט טאַקע פריִער. זאָשאַ און באַלעק האַלטן זיך בײַ די הענט. זי קוקט אויף אים מיט פאַרליבטע אויגן. ער, ליאָוואַ, אין כּעס? ער איז העכער פון אַזעלכע זאַכן, און ער ווערט העכער. ער גיט זיך אַ הייב אַרויף און שוועבט איבער זייערע קעפּ. זאָשאַ און באַלעק רײַסן אויף די אויגן: ער איז טאַקע העכער, זע ווי הויך!

דאָס הייסט בײַ זיי הויך? שמייכלט ער צו זיך און גיט זיך אַ טראָג נאָך העכער אַריבער דעם דאַך פון דער צענשטאָקיקער געביידע אויף אָושען־פּאַרקווי. דאָס יינגל מײַקל, וואָס וווינט אין דער דירה איבער זיי, וועט מער נישט שפּילן באַלעם אין הויז און טראַסקען דעם באַלעם אין דער פּאַדלאָגע, עס זאָל אים לעכערן דעם קאָפּ. דאָס יינגל מײַקל שטייט אויפן באַלקאָן מיט אַן אויפגעריסן מויל. ער קוקט אַרויף און רופט אויס: סופּערמאַן!

וואָס האָט ער געזאָגט, מײַקל? ער האָט געזאָגט „סופּערמאַן". טשעקאָווע צי בערנאַרד האָט עס געהערט, צי זאָשאַ האָט עס געהערט: סופּערמאַן! טעד קומט אָן מיט מאַשאַן. טעד גיט אַ קוק אַרויף און שרײַט: שפּיאָן!

אַ שפּיאָן איז אַ שפּיאָן, זאָגט מאַשאַ, און וויל אַפילו נישט אַרויפקוקן. ער גיט אַ פאַל אַראָפּ — ניין, ער פאַלט נישט, ער גיט זיך אַ לאָז אַראָפּ גלײַך אויף מאַשאַן מיט ביידע הענט אויף איר ווײַסן האַלדז. דער ווײַסער האַלדז — זאָשאַס ווײַסער האַלדז איז פול מיט פלעקן פון באַלעקס קושן און ס'איז שוין צו שפּעט. דער האַלדז דראָלט זיך אָן אונטער זײַנע פינגער און ווערט בלוי, אירע אויגן ווערן רויט און זעצן אַרויס, אירע ליפּן בלוי, סיטשען: „אַ שפּיאָן איז אַ שפּיאָן!"

אַ קאַלטער שווייס באַגיסט אים. וואָס טוט זיך מיט אים? ער האָט דערשטיקט מאַשינקאַן. אַ דאָקטער, אַ דאָקטער, ראַטעוועט, ברענגט אַ דאָקטער!

ער האָט זיך איבערגעוועקט אין אַ טיַיך שווייס. ניין, ער האָט נישט דערשטיקט מאַשאַן מיט זיַינע הענט, ער האָט זי דערשטיקט מיט זיַין מויל. זי וועט פיַינט האָבן בערנאַרדן, זי וועט קוקן אויף איר אייגענעם טאַטן מיט שינאה און וועט סיטשען אים אין פּנים אַריַין: „אַ שפּיאָן איז אַ שפּיאָן!"

ער וועט נישט דערלאָזן, מאַשינקאַ זאָל אַריַינפאַלן אין פאַרצווייפל. ער וועט זי צוטוליען צו זיך און וועט איר זאָגן: מאַשינקאַ, פּראָביר אים פאַרשטיין. איצט אַז דו ווייסט שוין אַז איך האָב געגומען אויף זיך די שולד צוליב דיר, קאָן איך דאָך ווידער רעדן צו דיר ווי דיַין גוטער אָנקל. מאַשינקאַ, דו מוזסט איַינזען וואָס פּאַפּאַ האָט אַדורכגעמאַכט ווען זיי האָבן אים שאַנ־טאַזשירט. דו האָסט מורא צו פאַרלירן טעדן, ער וואָלט פאַרלוירן מאַמאַן און בעלאַן אויב ער וואָלט נישט געטאָן וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט. האָב מיט אים איַינזען, מאַשינקאַ, ער איז דיַין ליַיבלעכער טאַטע. און, הער מיך גוט אויס, מאַשינקאַ. וואָס איך וויל דיר איצט זאָגן קאָן אַ מאָל וויי טאָן, אָבער ס'איז דער אמת. אויב טעד האָט דיך אויפריכטיק ליב, וועט ער דיך נישט אויפהערן ליב האָבן. טאָמער ער וועט צוליב דעם דיך פאַרלאָזן, איז ער דיך נישט ווערט.

וועט מאַשאַ זיך צוהערן צו אים? זי איז אַזוי פאַרליבט אין דעם טעד, אַז זי איז בלינד און טויב צו דער גאַנצער וועלט אַרום איר. איר טאַטע איז אויך אַזוי געווען ווען ער איז געווען פאַרליבט. מע טאָר נישט אַזוי, מאַשינקאַ. זיַין בלינד און טויב צו אַלעם און אַלעמען מאַכט דיַין ליבע נעגאַטיוו, און ליבע מוז אַלע מאָל בליַיבן פּאָזיטיוו. אַ טאַטע איז אַ טאַטע. גיי אַריַין, זאָג אים גוט־מאָרגן. טו זיך אָן אַ כּוח און גיב אים אַ קוש. ער דאַרף דיך איצט מער ווי ———

אין קיך איז עפּעס אַראָפּגעפאַלן, אַ גלאָז אָדער אַ טעלער. ווער איז איצט אין קיך? אוי, ס'איז שוין באַלד אַכט. מע דאַרף דערמוטיקן בערנאַרדן ער זאָל גיין צו דער אַרבעט ווי קיין מאָל גאָרנישט. ווער שושקעט זיך אין קיך? בערנאַרד און מאַשאַ האָבן מורא אים איבערצוּוועקן? ס'איז שטיל געוואָרן. זיי האָבן דערהערט זיַינע באָרוועסע טריט.

ער איז צוריק געגאַנגען צו זיַין בעט. אַזוי, זיי שושקען זיך. זי זאָגט נישט בערנאַרדן, אַז ער האָט עס אין זיך. זי שריַיט נישט: „אַ שפּיאָן איז אַ

שפּיאָן״. זיי שושקען זיך וואָס צו טאָן מיט דעם אַנשיקעניש, דעם אָנקל. זי פּלעגט זאָגן אַז אָנקל איז איר טאַטע, איר מאַמע, איר באַי־פרענד. ס׳איז שוין דעמאָלט געווען שקר־וכּזב. זי האָט אים גענאַרט, ווי בערנאַרד האָט אים גענאַרט, ווי אַלע האָבן אים אָפּגענאַרט און אָפּגעלאַכט פון אים. מיט וואָס איז מאַשאַ אַנדערש פון יענער גאַסנמויד וואָס האָט אים געצערטלט כּדי צו קאָנען צוגנבענען זײַן בײַטעלע? אויב ס׳איז דער טאַטע, בלײַבט ער אַ טאַטע; אויב ס׳איז ער, האָט ער עס אין זיך און איז אַ שפּיאָן אין יעדן טראָפּן פון זײַן פאַרפּעסטעט בלוט.

ווי נאָר ער איז אַרײַן אין קיך, איז בערנאַרד אויפגעשפּרונגען. ס׳איז שפּעט, ער מוז שוין גיין צו דער אַרבעט. מאַשאַ האָט אַ קוק געטאָן אויף איר האַנט־זייגערל, וואָס ער האָט איר געהאַט געקויפט, און געזען אַז זי מוז אויך שוין גיין.

„דו דאַרפסט זיך נישט אײַלן צו דער אַרבעט, בערנאַרד, וועסט סײַ ווי מוזן אויפהערן. דו מוזסט איבערנעמען דײַן פּעקל, איך קאָן מער נישט״.

ס׳איז געוואָרן טויט־שטיל, נאָר דער זידיקער עלעקטרישער טשײַניק האָט געפּרײַכט, ווי אין שווערן אָטעם. ער האָט געוואַרט אויף אַן ענטפער און בערנאַרד האָט סוף־כּל־סוף אַרויסגעשטאַמלט: „מיר וועלן עס איבער־רעדן אין אָונט, כ׳מוז איצט אײַלן צו דער אַרבעט״.

„דו מוזסט איצט אײַלן ערגעץ אַנדערש, בערנאַרד״.

„הער מיך אויס, לעאָן״, האָט בערנאַרד צוריקגעקריגן זײַן באַהערשט קול, „איך האָב דיך נישט געבעטן זאָלסט עס נעמען אויף זיך און בין גרייט געווען זיך מודה צו זײַן. דו אַליין האָסט מיך צוריקגעהאַלטן״.

„איצט וועל איך דיך מער נישט צוריקהאַלטן״.

„איצט בין איך אויסגעמוטשעט, נישט איך האָב כּוח, נישט איך האָב — — — נייִן, לעאָן, איצט קאָן איך נישט. דו גיי, זאָג וואָס דו ווילסט. איך וועל גאָרנישט אָפּלייקענען. גיי איין מאָל פאַר אַלע מאָל און צאַפּ מיר נישט דאָס בלוט טראָפּנווײַז״.

בערנאַרד האָט געאײַלט צו דער טיר. מאַשאַ איז אַרויס נאָך אים און פאַרהאַקט די טיר מיט אַ טראַסק.

I

ער האָט גאָר נישט געוווּסט וויפל פאָלק־חכמה ס'איז פאַראַן בײַ ייִדן. ער וווינט איצט אין תל־אָביב בײַ אַ פּשוטער אַרבעטער־משפּחה. קיין וואַזשנע בילדונג האָבן זיי נישט, אָבער אַז די באַלעבאָסטע זאָגט עפּעס, איז פאַראַן וואָס צו הערן. זי האָט אויף יעדער זאַך אַן אַפאָריזם, אַ ווערטל. נעכטן האָט זי אַ זאָג געטאָן: „אַ מענטש איז נאָר אַ מענטש און טייל מאָל אַפילו ווייניקער ווי דאָס". ווי קלוג, ווי מענטשן־קענעריש, ווי טרעפלעך עס כאַראַקטעריזירט אים אַליין. ווי אַלע מענטשן איז ער נאָר אַ מענטש און טייל מאָל — — — אויב מע זאָל באַשטראָפן פאַר אַלעם וואָס לויפט אַלץ אַדורך אַ מענטשנס געדאַנק, וואָלט מען אַלעמען געדאַרפט אײַנזעצן אין תפיסה. אין געדאַנק קאָן עמעץ דערשטיקן זײַן פלימעניצע און אַפילו זײַן אייגן קינד. אין אַ פאַרבײַלויפנדיקן געדאַנק, קאָן דער אָרנטלעכסטער מענטש זײַן אַ סעקס־מאַניאַק. דער תוך פונעם מענטש באַשטייט טאַקע אין קענען זיך אָפּטרייסלען פון די שלעכטע געדאַנקען, ווען עס קומט צו מעשים. טאָג־חלומות זײַנען שטוּתערייען, אַן אָנרעג צו טראַכטן, אַ סטימול צו קרעאַטיוויטעט. נאָר אַ מאָראָן, אַ טיפּש, חלומט נישט, האָט ער נישט קיין בייזע געדאַנקען. אפשר איז דאָס טאַקע דער חילוק צווישן דעם פּאָזיטיוון מענטש און דעם פאַר־ברעכער. דער אָרנטלעכער מענטש האָט אויך רויע אינסטינקטן. ער ברענט זיי אויס און רייכערט זיי אויס אין חלום, אָבער לאָזט זיי נישט אַרויס פון דער גרענעץ פון חלום. דער גוטער מענטש חלומט אויס זײַנע פאַר־ברעכנס; דער שלעכטער לעבט זיי אויס.

קאָן עס זײַן, איז עס מעגלעך, אַז ער וואָלט געהאַט אַזעלכע מחשבות וועגן מאַשאַן, אויב זי וואָלט געווען זײַן אייגענע לײַבלעכע טאָכטער?

האָט ער געבראָכן זײַן קויציע און אַנטלאָפן קיין תל־אָביב, ווײַל ער

האָט מורא געהאַט צוריקצוגיין אין תּפֿיסה, אָדער ווײַל ער האָט מורא געהאַט צו בלײַבן מיט מאַשאַן? איז ער אַנטלאָפֿן פֿון דער עף־בי־אײַ, אָדער פֿון זיך אַליין?

עס איז געווען וואָס מורא צו האָבן. אין יענעם לעצטן זונטיק אין ניו־יאָרק איז ער געווען אויף דער גרענעץ פֿון — — — ער איז געזעסן אין זײַן שטול אין דער פּראָנטשטוב, מאַשאַ האָט גענומען אַ שפּריץ אין באָדצימער. יאָ, ער האָט געהערט און געוווּסט, אַז זי נעמט אַ שפּריץ ווען ער איז אַוועק צום באָדצימער און אַ דריי געטאָן די קליאַמקע. גוט, אַז דאָס מאָל האָט זי, די צעטראָגענע פֿליאַסקעדריגע, נישט פֿאַרגעסן צו פֿאַרשליסן די טיר פֿון אינעווייניק.

אַ ברודערס מיידל איז נישט דאָס זעלביקע וואָס אַ ברודערס טאָכטער. אָבער בערנאַרד האָט זיך נישט געטאָרט פֿאַרלירן. מיט אים האָט זיך קיין איין מיידל נישט פֿאַרלוירן. בערנאַרד האָט צוגענומען בײַ זאָשען איר בתולהשאַפֿט. ער דערנענטערט זיך שוין צו אַ האַלבן יאָרהונדערט, צום סוף פֿון זײַנע טעג, און ווייסט אַפֿילו נישט וואָס דאָס איז. ער וועט שוין קיין מאָל נישט פֿאַרזוכן אַ פֿריש, אומשולדיק מיידל, ער וועט קיין מאָל נישט האָבן דאָס וואָס בערנאַרד און טעד. ווי איז עס ווען אַ פֿרוי גיט זיך דיר איבער ווײַל זי וויל דיך, נישט די פּאָר דאָלאַר וואָס דו באַצאָלסט? דו קומסט נעענטער און נעענטער. דו עפֿנסט איין קנעפּל פֿון איר בלוזע און דו פֿילסט פֿון אירע בריסט גייט אויף אַ פּאַרע ווי פֿון צײַטיקע פֿעלדער אין אַ זומער־פֿרימאָרגן. זי העלפֿט דיר מיט ציטערדיקע פֿינגער. פֿון דײַנע קושן ווערן אירע אויגן מאַט, אירע קני̇ען שוואַך, זי פֿאַלט אין דײַנע אָרעמס ווי אַ פֿרישע, צײַטיקע פֿרוכט. זי בײַסט דיך — — ניין, נישט ווײַל זי ריכט זיך אויף אַ פּאָר עקסטראַ דאָלער טרינקגעלט. ניין, צו אַל די רוחות, נישט דאָס! זי באַגערט דיך, זי לעבט עס איבער און פֿיבערט עס אויס צוזאַמען מיט דיר, און זי איז ווײַבלעך און הויכברוסטיק ווי זאָשאַ, ווי מאַשאַ...

ער איז דעמאָלט געזעסן אין אַ פֿאָטעל אין דער פֿראָנטשטוב און געזען מאַשאַס נאַקעטקייט אין דעם פֿאַרשלאָסענעם באָדצימער. ער האָט זיך דער־מאָנט, אַז אַ מאָל האָט אַ פֿריץ געהאַט די רעכט פֿון דער ערשטער נאַכט בײַ אַלע מיידלעך וואָס האָבן געלעבט אויף זײַן אימעניע. מאַשאַ לעבט

אויף זײַן אימעניע. ער גיט גענוג און לײַדט גענוג פון איר און איר טאַטן. און פאַר וואָס נאָר די ערשטע נאַכט? ער וועט זי נעמען פאַר אַ ווײַב. די טאָכטער אַנשטאָט די מוטער. זי איז מיט פינף און צוואַנציק יאָר ייִנגער פון אים? וועט איר נאָך בלײַבן גענוג יאָרן פאַר אַ יונגן מאַן ווען ער וועט שוין ליגן אין דר׳ערד.

דאָס האַרץ איז אַראָפּ פון זײַן גאָרגל צוריק אין ברוסטקאַסטן אַרײַן ווען זי איז אַוועק צו דער טיר. „באַי״, האָט זי געזאָגט און ער האָט ווידער געקאָנט אָטעמען.

ער זיצט איצט אין זײַן שטוב אין אַ פאָרשטאָט פון תּל־אָביב. פון בלויזן דערמאָנען זיך גיסט זיך פון אים דער שווייס, ווי יענעם זונטיק אין ניו־יאָרק. יאָ, אַ מענטש איז נאָר אַ מענטש און טייל מאָל אַפילו ווייניקער ווי דאָס. יענעם אָוונט ווען זי האָט אים געזאָגט אַז אַפילו זײַן לוקעמיע איז אַ ליגן, איז ער אַרויפגעפאַלן אויף איר מיט די פויסטן. אויב די כּוחות וואָלטן אים נישט פאַרלאָזט, וואָלט ער אַראָפּגעריסן פון איר די קליידער און געטאָן מיט איר וואָס ער האָט באַדאַרפט טאָן מיט איר מאַמען — די רישעותדיקע סמיקע שיקסע.

II

די כּוחות האָבן אים פאַרלאָזט... דאָס איז שוין אַ מאָל געשען צו אים. ער דערמאָנט זיך איצט, דאָס איז געשען טאַקע ווען ער האָט עס שיִער נישט געטאָן מיט מאַשאַס מאַמע. זאַשאַ האָט זיך געטוליעט צו אים, ער האָט — — גייך, זי האָט — — דאָס האָט זי אַרויפגעלייגט זײַן האַנט אויף איר ברוסט. זי איז געווען אָנגעטאָן, אָבער דאָס דינע, זומערדיקע קליידל איז געווען אַ קנאַפּע מחיצה, זײַנע הענט האָבן אויסגעפּילט איר יאָדערדיק לײַב — — —

ער געדענקט עס איצט אַזוי קלאָר ווי עס וואָלט געשען ערשט נעכטן; ווי איז דאָס מעגלעך ער זאָל במשך זעקס און צוואַנציק יאָר זיך אַפילו נישט דערמאָנען וועגן דעם? קאָן עס זײַן, אַז דאָס איז אַ חלום פון יאָרן צוריק, און עס דאַכט זיך אים נאָר, אַז עס איז באמת געשען? וואָס האָט זי דעמאָלט געזאָגט? וואָס האָט ער געזאָגט? ער מוז זיך דערמאָנען מער פּרטים.

זי האָט גאָרנישט געזאָגט און ער האָט גאָרנישט געזאָגט. איר הייסער

אָטעם אויף זײַן פּנים, איר האַרץ, זײַן האַרץ — אַ דועט פון צווײ פּויקן. ער האָט אַרויפגערוקט זײַן האַנט צו איר דעקאָלט, זי האָט זיך אַ בייג געטאָן, און זײַנע פינגער האָבן זיך אַרײַנגעגליטשט הינטערן געוואַנט. זי האָט זיך נאָך מער צוגעדריקט צו אים, ער האָט געפילט דאָס ריזלען פון בלוט אין אירע אָדערן און זי האָט געפילט דעם פּולס אין יעדן פון זײַנע גלידער. זי האָט געוואַרט. ער האָט געוווסט אַז זי וואַרט, אָבער געבליבן ליגן ווי אַ גולם. זי האָט געוואַרט און געוואַרט, זײַן אַנגעשפּאַנטקייט איז געוואַקסן, אַריבערגעוואַקסן די גרענעץ און געפּלאַצט. אַ ציטערניש איז אַרײַן אין זײַן לײַב, אַ פראָסט אין די ביינער און אַ הייסער זומערנאַכט.

איז זי געוועזן אַנטוישט וואָס עס איז נישט געשען, אָדער צופרידן? ער האָט געחלשט איר ווײַזן, אַז ער איז נישט אַלע מאָל אַזאַ פּחדן, אָבער האָט מער נישט געהאַט די געלעגנהייט, בערנאַרד איז געקומען.

ווי האָט ער געקאָנט דאָס אַלץ פאַרגעסן? ער האָט דעמאָלט זיך אויפגעגעסן אַ לעבעדיקער און אַפילו געטראַכט וועגן זעלבסטמאָרד. פּלוצלינג איז אַלץ אַרויס פון געדעכעניש. קאָן טאָקע אַ מענטש אויסמעקן פון זכרון וואָס עס איז אים נישט באַקוועם צו געדענקען? פאַר וואָס קאָן ער עס נישט טאָן הײַנט?

קאָן עס זײַן, אַז ער האָט זיך אויסגעלעבט נאָר מיט געקויפטער ליבע ווײַל ער האָט געציטערט טאָמער וועט ער נאָך אַ מאָל האָבן די זעלביקע חרפּה? איז דאָס די סיבה וואָס ער איז געבליבן אַליין? ווי קאָן מען מורא האָבן פאַר עפּעס וואָס איז אַרויס פון זכרון? די גאַנצע זאַך איז שרעקלעך נאַריש. זענען אַלע מענער אַזעלכע אידיאָטישע באַשעפענישן ווי ער?

עס קאָן זײַן, אַז ער איז גאָר נישט געווען אַזוי פאַרליבט אין זאַשאַן. ער האָט פּײַנט געהאַט בערנאַרדן ווײַל יענער האָט בײַ אים צוגענומען די מעגלעכקייט זיך צו רעהאַביליטירן...

ווי קליין, נאַריש, לעכערלעך זענען איצט אויס די אַלע גרויסע טענות זײַנע. די אַלע קינאות, שינאות צעגייען זיך ווי אַ רויך. איז דאָס אַ סימן, אַז דער סוף דערנעענטערט זיך?

וואָס עס איז — איז עס, ער וועט גאָר אָנשרײַבן אַ בריוול אַהיים. ער איז נעלם געוואָרן אַזוי פּלוצלינג, זאָלן זיי נישט איבערקלערן.

„פֿאַרגיב מיר, בערנאַרד, זײַ מוחל, מאַשאַ, קלערט נישט איבער וועגן מיר. איך קאָן נישט צוריקגיין אין תּפיסה. איך האָב געפֿונען אַ לייזונג.

מיט ליבשאַפֿט,

ל."

ווי נאָר ער האָט דעם בריוו אַרײַנגעוואָרפֿן אין פּאָסטקעסטל, האָט ער זיך געכאַפּט אַז ער האָט ווידער אָפּגעטאָן אַ נאַרישקייט. האָט די סי־אײַ־איי שלום געמאַכט מיט זײַן פֿאַרשווינדן? אפֿשר היטן זיי בערנאַרדס פּאָסט? ער האָט טאַקע נישט אָנגעגעבן קיין צוריק־אַדרעס, אָבער זיי וועלן וויסן, אַז ער איז אין ישׂראל. ער איז געבליבן שטיין בײַם פּאָסטקעסטל ביז אַ וואָגן איז צוגעפֿאָרן אַרויסנעמען די בריוו. „גוט", האָט דער פּאָסטמאַן געזאָגט. „ווײַזט מיר אײַער אידענטיפֿיקאַציע".

„נאָך וואָס דאַרפֿט איר מײַן אידענטיפֿיקאַציע?"

„אויב ס'וועט זײַן דער זעלביקער נאָמען וואָס אויף דעם צוריק־אַדרעס, וועל איך אײַך צוריקגעבן דעם בריוו".

„ס'האָט נישט — כ'בין נישט זיכער צי כ'האָב אָנגעשריבן דעם צוריק־אַדרעס".

„סליחה, איר וועט דאַרפֿן קומען אין פּאָסטאַמט".

„כ'האָב אײַך נישט געגעבן גענוג סימנים? אַ קאָנווערט פֿון האָטעל דן, דער אַדרעס געשריבן מיט מײַן האַנטשריפֿט. קוקט, איך שרײַב נאָך אַ מאָל אָן דעם אַדרעס, פֿאַרגלײַכט עס".

„איך בין אַ פּראָסטער נהג. קומט אין פּאָסטביוראָ".

„איך בין אַן אַמעריקאַנער טוריסט. וואָס פֿאַר אַ לאַנד איז דאָס, אַז — —"

„אַדוני, איך דאַרף נאָך אויסליידיקן אַ סך פּאָסטקעסטלעך. איר ווילט, קאָן איך אײַך מיטנעמען מיט מײַן וואָגן".

ער איז געקומען מיט אַ פֿאַלשן דאָקומענט, ווי האָט ער געקאָנט גיין זיך אידענטיפֿיצירן? דער בריוו איז אַוועקגעשיקט געוואָרן.

III

צוויי טויזנט יאָר אַן אַ היים, האָבן די ייִדן זיך אויסגעלערנט אַרײַנצוקריכן אין דעם שמאָלסטן שפּאַלט און מאַכן פֿאַר זיך פּלאַץ אין אַן ענגשאַפֿט

ווהין מע קאָן שוין אַפילו קיין שפּילקע נישט אַרײַנשטעקן. ווײַזט אויס, אַז די פּראַקטיק קומט זיי צו נוץ אויף די שמאָלע גאַסן פון תּל־אָביב, ווו די אויטאָמאָבילן קריכן איינס אויף ס'אַנדערע. ער קאָן קוים זיך אַדורכ־שטופּן צו דער אַנדערער זײַט גאַס, און זיי געפינען אַפילו פּלאַץ ווו צו פּאַרקן זייערע אויטאָס. די אויסגעדינטע גומירעדער האַלטן זיך קוים אויף די לאַטעס אַרויפגעקלעפּט איינס אויף ס'אַנדערע, די אַלטע מאָטאָרן פּרײַכן און קרעכצן. אָט, אָט וועלן זיי אויסהייכן דאָס לעצטע ביסל פּאַרע. נאָר די האָרנס זענען ווי נײַ. די האָרנס בלאָזן און רעשן, טומלען און פּאַרהילכן די גאַסן. זיי שאַלן מיט אַ טריומף, ווי זיי וואָלטן דערמיט געזאָגט: דאָ איז נישט גלות, דאָ זענען מיר בײַ זיך אין דער היים און פּײַפן אויף דער וועלט.

ניין, ער האָט גאָרנישט קעגן תּל־אָביב. ער האָט געדונגען אַ שטוב אין אַ קליין הײַזל אויף אַ ווײַט, שטיל געסל, כּדי צו זײַן ווײַט פון דעם טומל, אָבער ער לויפט יעדן טאָג און שוויצט שעהען אַזש אין דרײַ אויטאָבוסן צוצו־פּאָרן אין שטאָט אַרײַן. עס יאָגט אים פון שטוב ווען ער איז אַליין אין הויז. ווי נאַריש עס איז געווען צו צאָלן מער דירה־געלט נאָר ווײַל זײַן שטוב האָט אַ באַזונדערן אַרײַנגאַנג און ער וועט קאָנען אויסמײַדן זיך צו טרעפן מיט די באַלעבאַטים.

מיט די קינדער אין הויז קאָן ער נישט אויסרעדן אַ וואָרט. די צאַברעס זענען אַראָגאַנט, רעדן נאָר העברעיִש, און טו זיי עפּעס. די באַלעבאָסטע רעדט פּויליש, דער באַלעבאָס רעדט פּויליש און רוסיש. אָבער אַז ער איז אין דער היים ווען זיי זענען אין דער היים, זיצט ער סײַ ווי אַליין אין זײַן שטוב. בײַ טאָג לויפט ער אַוועק ווײַל קיינער איז נישטאָ; אין אָוונט שליסט ער זיך אָפּ ווײַל זיי זענען יאָ דאָ. די מענטשן זענען פרײַנדלעך, אָבער אַ ביסל צו פיל פרײַנדלעך. ער איז טאַקע אַ ייִד, אָבער ער האָט ייִדן קיין מאָל נישט געקענט פון דער נאָענט. די איינציקע ייִדן וואָס זענען געקומען צו זיי אין הויז אין לעמבעריק, זענען געקומען צו דער מאַמע אַרויסרײַסן ציין. אין ניו־יאָרק האָט ער געקענט ייִדן נאָר פון די טעלעוויזיע־פּראָגראַמען. די ייִדן זענען טאַקע געווען ווי די קאָמיקערס שטעלן זיי פאָר. גוטע מענטשן, אָבער קאָמיש־גוט. די באַלעבאָסטע, גברת גאָלדבערג, איז ווי צוויי טראָפּנס וואַסער ענלעך צו דער מאַלי גאָלדבערג, די קורצע, רונדע, קאָמיש־גוטע

ייִדישע שכנטע פון די טעלעוויזיע־פּראָגראַמען. ווי אַלע אין זײַן מצב, גייטיקט ער זיך אין אַ סך שלאָף, אָבער ווי נאָר ער הייבט אָן איינדרימלען, קלאַפּט זי אין זײַן טיר. זי האָט אָפּגעקאָכט עפּעס גוטס און ער מוז עס פּאַרזוכן. שבת מוז ער אַרײַנקומען צו זייער טיש עסן מיט זיי זיסגעקאָכטן קאַרפּ און לאָקשן מיט יויך. דער ראַדיאָ קנאַקט עבֿרית, די קינדער פּלאַפּלען עבֿרית; אַז די באַלעבאָסטע וואַרפט אַרײַן אַ וואָרט פּויליש, קאָן ער נישט דערהערן וואָס זי זאָגט. שבת איז דער ערגסטער טאָג, ווײַל עס זענען נישטאָ קיין אויטאָבוסן צו אַנטלויפן אין שטאָט אַרײַן. אויב זיי וואָלטן בעסער אָפּגעשטעלט די ראַדיאָ אַנשטאָט די אויטאָבוסן... זיי שלאָפן שבת נאָך מיטאָג. אָבער די ראַדיאָ הילכט אויס די נײַעס יעדע שעה, זיי פֿאַרשלאָפן נישט קיין נײַעס־אוידיציע. ער האָט שוין פּראָבירט אַנטלויפן אין שטאָט אַרײַן מיט אַ שרות־טאַקסי, אָבער וואָס קאָן ער שבת טאָן אין שטאָט? אַפילו די קאַפּעען זענען געשלאָסן. אין אָוונט, ווען מע עפֿנט שוין די קינאָס, דאַרף מען שטיין צוויי שעה אין דער רייע צו זען פֿאַר אַנדערטהאַלבן שעה אַן אַלטן פֿילם. וואָלט שוין בעסער געווען צו זיצן אין דער היים און לייענען אַן אַלטן זשורנאַל. אָבער פּונקט ווי עס קאָן נישט זײַן קיין ספק, אַז די ראַדיאָ וועט אויסהילכן די נײַעס יעדע שעה צו דער שעה, אַזוי איז אויך זיכער, אַז ווי נאָר די באַלעבאָטים וועלן זיך אויפֿכאַפּן פֿון זייער שבתדיקן נאָכמיטאָג־שלאָף, וועט די באַלעבאָסטע קלאַפּן אין זײַן טיר און נישט אָפּטרעטן ביז ער וועט אַרײַנגיין טרינקען מיט זיי טיי.

טיי פֿאַרבריִען זיי דאָ בעסער ווי אין ניו־יאָרק. דער באַלעבאָסטעס מאַנדל־קיכלעך זענען געשמאַק, אָבער איר גלאַנציקע, פֿליישיקע נאָז... ווען זי נעמט אַרײַנשטעקן איר נאָז אין זײַנע ענינים, בײַסט ער דאָס מאַנדל־קיכל מיט כּעס, ווי עס וואָלט געווען איר נאָז.

„איך האָף איר זענט צופֿרידן מיט אײַער צימער, פֿאַניע גוטמאַן. ס'אַ גרויסער צימער, מע קאָן אַרײַנשטעלן נאָך אַ בעט און עס וועט נישט זײַן ענג", זאָגט די באַלעבאָסטע און זופּט ווײַטער איר טיי.

ווייל זי אַרײַנשטעלן נאָך עמעצן אין זײַן צימער, אָדער זי איז אויסן נאָר אַרויפֿצושרויפֿן זײַן דירה־געלט? „אַ דאַנק, פֿאַני גאָלדבערג. זינט איך לעב, בין איך נאָך נישט געשלאָפֿן אין צוויי בעטן מיט אַ מאָל".

„כ'מיין, ווען אייער פרוי וועט קומען, וועט מען קאָנען אַריינשטעלן נאָך אַ בעט".

„ווער האָט אייך געזאָגט, אַז מיין פרוי וועט קומען?"

„מע דאַרף מיר זאָגן? ווי לאַנג איז דער שיעור צו זיין צעשיידט?"

„איך האָב נישט קיין ווייב".

די באַלעבאָסטע האָט אַ בליק געטאָן צו איר מאַן, ווי געזאָגט: נו, זעסט שוין אַז איך ווייס וואָס עס טוט זיך. צו לעאָנען האָט זי געזאָגט: „מע קאָן עס זען אין אייערע טרויעריקע אויגן. ז'איז לאַנג קראַנק געווען?"

„ווער איז קראַנק געווען?"

„איר זענט נישט קיין אַלמן? מילא, סע טרעפט ביי אונדז אויך. ביי אייך אין אַמעריקע, זאָגט מען, קומען פאָר מער גטן ווי חתונות. שוין לאַנג זינט איר'ט זיך געגט?"

„געגט? ווער האָט זיך געגט?"

„איר זענט נישט קיין אַלמן און נישט קיין גרוש און האָט פונדעסטוועגן נישט קיין ווייב, מיינט עס אַז איר זענט נאָך אַ בחור. מילא, ס'איז קיין מאָל נישט צו שפעט. ספּעציעל פאַר אַ מאַן. ביי אונדז דאָ איז אַן אַמעריקאַנער אַ יחסן. איר קאָנט נאָך קריגן אַ יונג ווייבל און האָבן מיט איר אַ טוץ קינדער".

„אַ דאַנק, פאַני גאָלדבערג, אַ גרויסן דאַנק, אָבער כ'האַלט נישט ביי חתונה האָבן".

„ווי אַלט זענט איר, מר גוטמאַן? זייט מיר מוחל, אַ פרוי טאָר מען דאָס נישט פרעגן, אָבער אַ מאַן — — —"

„כ'בין שוין קרוב צו פופציק. אויב כ'וואָלט בדעה געהאַט חתונה צו האָבן, וואָלט איך נישט געוואַרט אַזוי לאַנג".

„איר זאָלט מיר מוחל זיין, פאַניע גוטמאַן. ווער האָט היינטיקע צייטן בדעה חתונה צו האָבן? איך האָב פאַרלוירן מיין ערשטן מאַן אין דער מלחמה, אַ קינד איז אויסגעגאַנגען פון טיפוס, כ'האָב געשווווירן אַז כ'על מער נישט חתונה האָבן. שווער צו רעדן וועגן יענע צייטן. אַ ייד האָט אַ חוב צו בויען אַ משפחה און ברענגען קינדער אויף דער וועלט, להכעיס די היטלערס און נאַסערס. און אַז עס קומט דער ריכטיקער זיווג — — מיין מאַן, דער

איצטיקער מאַן, איז אין דער מלחמה מגולגל געוואָרן קיין רוסלאַנד, פאַר־שיקט געוואָרן צו דער כינעזישער גרענעץ, און אַז עס איז באַשערט, איז ער צוריקגעקומען אין צײַט און מײַן יוסי איז נאָך געבוירן געוואָרן אין פּליטים־לאַגער אין בערגען־בעלזען. גלייבט מיר, אַז ס'עט אײַך אָקעגנקומען עפּעס רעכטס — — —"

„נישט עפּעס רעכטס, און נישט עפּעס לינקס, כ'האַלט נישט בײַם חתונה האָבן. כ'דאַנק אײַך סײַ ווי, און אַ דאַנק פאַר דער טיי".

„וואָס אײַלט איר זיך? דאָס ערשטע מאָל זיך אַ ביסל אַראָפּגערעדט פון האַרץ — — זיצט נאָך אַ ביסל, מיט גוואַלד וועל איך אײַך צו דער חופּה נישט פירן. אָבער איך האָב אַ שוועסטערקינד, יונג, אינטעליגענט און אַ שײנקייט — אַזעלכענע גרויסע, שוואַרצע אויגן", האָט די באַלעבאַסטע גע־וויזן די גרייס פון אַ פויסט. „זי קען אַ ביסל ענגליש אויך".

„העברעיִש קען זי?"

„אַ שאלה אַ ביסל, נאָך וואָס פאַר אַ עברית! אַז מע זאָגט אײַך אַן אינטע־ליגענטער מענטש. זי האָט — — —"

„ענגליש קען זי נאָר אַ ביסל, העברעיִש קען זי גוט, פאַר וואָס זאָל זי נישט נעמען אַ העברעיִש־רעדער, אַ היגן?"

„דאָס לאָזט איבער צו מיר, פאַניע גוטמאַן. זי האָט זיך געגט, ווײַל איר מאַן, כ'מיין, איר געוועזענער מאַן, איז אַ קאָרטן־שפּילער. פּרייטיק אָפּגענו־מען די שׂכירות און זונטיק שוין נישט געהאַט אַ פּרוטה. איר זענט אַ שטילער מענטש. איר האָט זיכער אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר דאָלאַר. אַז איר זוכט נישט קיין פּאָסטן, מוז זײַן — — —"

„אויב איר מיינט, אַז יעדער אַמעריקאַנער איז אַ מיליאָנער — — —"

„איך מיין גאָרנישט. איך ווייס נאָר, אַז ס'איז שווער צו זײַן אַליין, בפרט ווען דאָס געזונט איז נישט איי־איי. אַז מ'האָט אַ ווײַב — — —"

„ווער האָט אײַך געזאָגט, אַז איך בין נישט געזונט?"

„מיר דאַרף מען זאָגן? איך רוים צו אײַער שטוב און זע פלעשלעך מיט מעדיצינען. מע דאַרף מיר לייגן אַ פינגער אין מויל אַרײַן?"

„אַ דאַנק פאַר דער טיי — — —"

„זיצט נאָך אַ ווײַלע, מיסטער גוטמאַן. בײַ אײַך זאָגט מען מיסטער, יאָ?

איר קאָנט נאָך מיינען, אַז איך בין פון די וואָס האָבן ליב זיך מישן אין יענעמס עסקים. אָבער אַז אַ מענטש איז נישט געזונט..."

„האָט נישט קיין מורא, איך וועל נישט פּלוצלינג אַוועקשטאַרבן בײַ אײַך אין הויז".

„חלילה, טפו, באַהיט זאָל מען ווערן! ווער רעדט וועגן שטאַרבן?"

„מײַן ווײַב זאָרגט זיך", האָט דער באַלעבאָס זיך אָנגערופן, „טאָמער דאַרפט איר אַ דיעטע".

„אַ געזונטער קאָן אויך קראַנק ווערן פון דעם שטענדיקן עסן אין די רעסטאָראַנען. איר זענט דאָך צווישן אייגענע, עס שפּילט דען אַ ראָלע אַרויפשטעלן נאָך אַ טעפּל אויף דער קיך?"

„דער פאַן גוטמאַן קאָן נאָך מיינען אַז דו זוכסט צו פאַרדינען בײַ אים נאָך אַ פּאָר פונט. מײַן ווײַב האָט אַ טבע צו טראָגן אַלעמענס דאגות אויף איר קאָפּ. טאָמער האָט איר נישט קיין דאגות, וועט זי אײַך אײַנרעדן אַז איר האָט, כּדי זי זאָל קאָנען העלפן".

„אַ דאַנק, איך בין נישט אויף קיין דיעטע, און, זאָרגט זיך נישט וועגן מײַן געזונט, ס'איז נישט ערנסט. אַ דאַנק אײַך סײַ ווי".

„גאָט צו דאַנקען. ס'ביסל געזונט איז ווי — — — אַז קראַנק זענט איר נישט און קיין ווײַב האָט איר נישט, איז דאָך טאַקע אַן עבירה אָפּצופינצטערן אַ לעבן אַליין".

„ווער האָט אײַך געזאָגט, אַז איך פינצטער אָפּ מײַן לעבן? פאַני גאָלד־בערג, איך וויל זײַן אַליין און בין צופרידן צו זײַן אַליין, איר פאַרשטייט?"

„אַז איר וועט זען מײַן קוזינע, וועט איר מער נישט וועלן זײַן אַליין. ס'קאָן זיך מאַכן, זי זאָל קומען צו אונדז. דאָ, אין ישׂראל, גייען קרובים צו גאַסט אײנס צום אַנדערן, און אַז איר וועט זי זען — — איר וועט זי זיכער זען, און קיינער צווינגט דאָ קיינעם נישט צו גאָרנישט".

IV

די באַלעבאָסטע האָט נישט איבערגעטריבן וועגן די מעלות פון איר קוזינע, און לעאָן וואָלט גערן פאַרגעסן אַז אַ מענטש מיטן נאָמען גוטמאַן

עקסיסטירט נישט און ער טאָר נישט מאַכן קיין באַקאַנטשאַפטן. דער איינ־ציקער חסרון פון דער קוזינע איז געווען, וואָס זי האָט אַפילו נישט אַ קוק געטאָן אין זײַן זײַט. די באַלעבאָסטע האָט אים פאַרבעטן צו פאַרברענגען דעם נאָכמיטאָג מיט דעם גאַסט, אָבער די קוזינע איז אַוועק באַלד נאָכן עסן. ער האָט פאַרבראַכט דעם נאָכמיטאָג מיט זײַן שפּיגל. זײַן הויט — קרענקלעך בלאַס, טאָרבעס אונטער די אויגן. ער זעט אויס וואָס ער איז — אַן אויסגע־לאַשענער מענטש. צו אַלע צרות האָט אים פּלוצלינג אָנגעכאַפּט אַ בײַסעניש איבערן לײַב און ער האָט זיך נישט געקאָנט צוריקהאַלטן פון קראַצן. איז די שיפּנקרענק אַ סימפּטאָם פון זײַן לוקעמיע? ער האָט דאָ אַפילו נישט וועמען צו פרעגן. וואָס קראַצט ער די הויט? ער דאַרף אויסקראַצן זיך די אויגן, ער זאָל נישט זען זײַן צעווירענע צורה וואָס האָט שוין איצט פון פאַרויס די קאָליר וואָס ער דאַרף האָבן ערשט ווען ער וועט „אויסצײַען די קאָפּיטעס״. פאַר וואָס, צו אַלדי רוחות, האָבן זיי אים פאַרמישפּט צו תּפיסה? אויב זיי וואָלטן אים פאַרמישפּט צום עלעקטרישן שטול, וואָלט ער נישט אַנטלאָפן. וואָס פאַר אַ שלעכטס האָט ער געטאָן, אַז עס קומען אויף אים אַזוי פיל צרות? איידער אַזאַ בײַסעניש, איידער אַזאַ לאַנגע, ביטערע גסיסה, וואָלט שוין בעסער געווען — — ער רײַסט פון זיך שטיקער פלייש, הלוואַי זײַנע נעגל וואָלטן געווען לענגער און שאַרפער, ער זאָל קאָנען מיט זיי אַדורכלעכערן דעם גאָרגל, אָדער דאָס נאַרישע שלימזלדיקע האַרץ!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

V

צו וועמען רעדט מען? קאָן אַ גאַנץ פאָלק זײַן געשלאָגן מיט בלינדקייט? עס קומט אויס ווי נאַסער וואָלט געפירט אַ מלחמה נאָר קעגן אים אַליין. נאַסער זאָגט, ער פאַרציט שוין די פעטליע אַרום ישׂראלס האַלדז, און זיי גייען אַן ווי נישט זיי מיינט מען. יאָ, ער, לעאָן, שטיקט זיך, ער פילט די פעטליע אַרום זײַן האַלדז.

געקומען איז ער דאָ אַהער זוכן מנוחה, אָבער אַ וואַזשנע מנוחה איז דאָס, אַז מע ווייסט קיין מאָל נישט ווען און ווו די פעדאַיִן וועלן אָנפאַלן: אונטער־געצונדן אַ בהמות־שטאַל אין אַ קיבוץ, באַשאָסן די אַרבעטער אויף אַ פעלד.

רוזיק עטלעכע טעג, און ווידער אַ באָמבע אונטער אַ הויז פון שלאָפנדיקע קינדער. וואָס וועט זיין דער סוף? די ירדנער האָבן נאָר אַכט מייל איבער־צושניידן ישׂראל אויף צוויי, וואָס וועט דעמאָלט זיין מיט תּל־אָביב? אַ גוטער האַרמאַט קאָן באַשיסן תּל־אָביב פון אַריבער דער גרענעץ.

נאַסער האָט שוין געשלאָסן דעם דורכגאַנג פון סועץ פאַר יידישע שיפן, ס'איז טאַקע ווי אַ פּעטליע אַרום האַלדז. סאָוויעט־רוסלאַנד האָט גענומען שיקן מאַסן־געוועער קיין עגיפּטן: האַרמאַטן, טאַנקען, עראָפּלאַנען. זיי דאַרפן גאָר נישט אַזוי פיל צו צעטרעטן דאָס פּיצעלע ישׂראל. אַ וואַזשנע חכמה געוועזן זיין לויפן דווקא אַהער.

די ביסעניש האָט אָפּגעטראָטן, אָבער די צעקראַצטע הויט האָט זיך נישט געהיילט און ס'איז אים שווער געוועזן צו טראָגן אַ העמד אויפן לייב. ס'איז שוין געווען אָקטאָבער, אָבער די היצן האָבן נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן. אויך די פּאָליטישע היץ האָט אָנגעהאַלטן: עגיפּטן האָט בלאָקירט דעם אַקאַבאַ־אויסגאַנג און נישט צוגעלאָזט קיין שיפן צו ישׂראלס פּאָרט אין רויטן ים. די כּנסת איז זיך צונויפגעקומען חול־המועד־סוכּות, וואָס איז אַ מין האַלבער יום־טוב. בן־גוריון האָט געוואָרנט, אַז דער הויפּט־שונא פון ישׂראל איז נישט ירדן, נישט איראַק, נאָר נאַסער און זיין עגיפּטן. לעאָן האָט געמוזט מיטמאַכן אַלע יום־טובדיקע סעודות מיט די באַלעבאַטים און אויסהערן די אומזיניקע רייד פון די געסט. זיי וועלן מאַכן אַ סוף צו די פּעדאַיִן־אָנפאַלן? וואָס מיינען זיי, אַז ניסים געשעען יעדן טאָג? ער האָט זיך שוין געהאַט אַ ביסל צוגעוווינט צו די יידן, אָבער ווי קאָן אַ פאָלק עקסיסטירן אָן שום חוש פאַר רעאַליזם? די יידן זענען דאָך נאָר אַ קליינער טראָפּן אין דעם גרויסן אַראַבישן ים. עס דערמאָנט אים אין אַן אָפּגעשמיסן יינגעלע וואָס האָט געביילט אַ קליין פויסטל קעגן זיין גרויסן, ריזיקן שמייסער און געסטראַשעט: איך וועל דיך פּאַטשאָפּן אין אַ טונקל היגטערגעסל, וועל איך דיר אָנברעכן די ביינער.

*

עס איז געווען דער ערשטער פרייטיק נאָך יום־טוב. די באַלעבאָסטע איז ווי יעדן פרייטיק אַהיימגעקומען פריִער צוצוגרייטן אויף שבת. ווי אַלע מאָל האָט זי געעפנט דעם ראַדיאָ ווי נאָר זי איז אַריין אין שטוב. לעאָן

האָט נישט פאַרשטאַנען קיין עברית; ער האָט פונדעסטוועגן דערקענט, אַז די ווערטער קלינגען מאַנאָטאָן און אָפּגעריסן ווי זיי וואָלטן נישט געווען פאַרבונדן מיט פראַזעס, ווי דאָס וואָלטן געווען ציפערן, נישט ווערטער. מילא, אַ פאַרשלאָפענער פאַרלייענער. ער איז אַרויס קויפן זײַן „דזשערוזאַלעם פּאָוסט", אָבער דער צייטונג־פאַרקויפער איז נישט געווען בײַ זײַן קיאָסק; אַן אַלטע פרוי האָט געצומען בײַ אים דאָס געלט. ער איז אַרײַן אין אַ ראַזיר־אַנשטאַלט. דער ראַזירער האָט אים אָנגעזייפט דאָס פּנים און זיך צוגעהערט צום ראַדיאָ. פּלוצלינג האָט ער אַ זאָג געטאָן: „דאָס מיינט מען מיך", און איז אַרויס. לעאָן איז געזעסן מיט אַן אָנגעזייפט פּנים. דער אַנדערער ראַ־זירער איז געווען פאַרנומען מיט אַן אַנדערן קליענט. ער האָט געעצהט לעאָן זאָל אָפּוואַשן די זייף פון פּנים, עס וועט נאָך נעמען אַ היפּשע ווײַלע, זײַן קליענט וויל שערן די האָר, וואַשן זיי, און ראַזירן דאָס פּנים. אָבער פּלוצלינג האָט דער קליענט זיך אַ דריי געטאָן צום ראַדיאָ, אַ זאָג געטאָן „תודה" און אַרויס. אַ מאָדנע פאָלק, די ישראלים, אַכיבע — — —

אין דער היים האָבן די באַלעבאַטים ווייניק גערעדט, אַפילו די שבת־דיקע מאָלצייט געגעסן אָן אויסצורעדן אַ וואָרט. נאָר דעם ראַדיאָ האָבן זיי נישט פאַרמאַכט אַפילו ווען מע איז געגאַנגען שלאָפן. בײַ נאַכט האָט עמעץ געקלאַפּט אין דער טיר; אין דער פרי ווען ער איז אויפגעשטאַנען, איז דער באַלעבאָס נישט געווען אין דער היים. „מע וועט נישט וואַרטן אויפן באַלע־באָס?" האָט ער געפרעגט ווען די באַלעבאָסטע האָט אים פאַרבעטן צו דעם שבתדיקן מאָלצײַט. „צו לאַנג צו וואַרטן", האָט די באַלעבאָסטע געענטפערט.

„וואָס עפּעס?"

„אַז מען רופט, גייט מען".

„וועր? וווהין?"

זונטיק האָט ער געהאָלפן באַקלעפּן די שויבן מיט פּאַסן פּאַפּיר. אין הויף האָט מען געגראָבן אַ שוצגרוב.

אַן ענגלישער ראַדיאָ־בולעטין האָט געמאָלדן, אַז ישראל מאָביליזירט איר אַרמיי. פּרעזידענט אײַזנהאַוער האָט געבעטן בן־גוריונען, ער זאָל זיך אָפּהאַלטן פון לייזונגען מיט כּוח.

לעאָן פאַרשטייט שוין, אַז בן־גוריון וויל אָפּשרעקן נאָסערן, אָבער נאָסער וואָלט באַדאַרפט זײַן אַן אידיאָט ער זאָל זיך דערשרעקן. ער האָט נישט מורא געהאַט פאַר די ענגלענדער וואָס האָבן געהאַט באַזעס אין עגיפּטן און אַ מאַכטיקן פלאָט אין מיטללענדישן ים. ער דערשרעקט זיך נישט פאַר די סטראַשונקעס פון פראַנקרײַך און דרייט זיך אויס מיטן רוקן צום אַמעריקאַנער פשרות־מאַכער דאַלעס. וועט ער זיך דערשרעקן וואָס אַ ראַזירער און אַ צייטונג־פאַרקויפער זענען אַוועק צו דער גרענעץ? אַבי מע זאָגט, אַז ייִדן זענען קלוג. ער איז נישט קיין מיליטער־מאַן, אָבער דער שׂכל־הישר זאָגט אים, אַז אַ מאָביליזירטער רעזערוו האָט אַ ווערט נאָר ווי אַ צוגאָב צו אַ גוטער פערמאַנענטער אַרמיי מיט פראָפעסיאָנעלע אָפיצירן און אונטער־אָפיצירן. דאָ — אַ מדינה סך־הכל אַכט יאָר אַלט, אָן סאָלידער מיליטערישער טראַדיציע, אָן פּראַקטיק פון אַ מלחמה מיט די מאָדערנע מלחמה־מאַשינען וואָס די עגיפּטער האָבן איצט. אָן אָנפירערשאַפט פון קיבוצניקעס, גענעראַלן וואָס ווייסן בעסער ווי צו באַמיסטיקן אַ פעלד ווי צו מאַנעווורירן מיט אַ מאָדערנעם האַרמאַט. צו פאַראַדירן אין יום־העצמאות איז דאָס גענוג, אָבער צו פירן אַ מלחמה מיט פילפאַך גרעסערע, בעסער באַוואָפנטע אַרמייען?

עגיפּטן, ירדן, סיריע, לבנון, איראַק, סאַודיע, — פאַרשידענע מלוכות, אָבער אַלע אַראַבער מיט דער זעלביקער שפּראַך, דער זעלביקער קולטור, דער זעלביקער מענטאַליטעט. אָבער דאָ אין ישׂראל? אַלע פּלאַפּלען שוין אַ ביסל העברעיִש, אָבער ס'איז אַ בבל־טורעם פון פאַרשידענע קולטורן און היפּוכדיקע מענטאַליטעטן. די יעקעס זענען מער דײַטשן ווי ישׂראַלים און די פראַנקען רעדן מער אַראַביש ווי עברית. די פּוילישע האַלטן די יעקעס פאַר נאַרישע, אָנגעבלאָזענע, קראַכמאַליעטע העמדער, ביידע האַלטן די גאַליציאַנער פאַר פאַלשע מענטשן, אַלע דרײַ האַלטן די רומענישע פאַר גנבים. ווען די אַראַבישע אַרמייען וועלן זיך אָנרוקן פון אַלע זײַטן, וועט די צה"ל זיך צעפאַלן אין קליינע סעקטאַנטישע גרופּעס, וואָס איינע האָט פײַנט די אַנדערע. אַ ייִדליקל פון פּלוינסק איז געוואָרן אַ מלוכה־פירער און שפּילט זיך מיט פײַער. פאַראַן נאָר איין האָפן אַז די אינטעליגענטע, ראַציאָנעלע יעקעס וועלן פאַרכאַפּן די מאַכט און אַ סוף מאַכן צו דעם משוגעת.

אַ פּאָפּולערער וויץ איז געוואָרן אַ טראַגישער אמת: צוויי טויזנט יאָר

האָבן יידן געוואָרט אויף אַ מלוכה, האָט עס גראָד מיך באַדאַרפט טרעפן.

די באַלעבאָסטע האָט געעצהט, לעאָן זאָל זיך איינקויפן אַ ביסל שפּייז. ער איז קודם־כּל אַוועק צו דער באַנק אַרויסנעמען זיין געלט. יעדער שלימזל האָט זיין מזל. מחמת ער געפינט זיך דאָ אויפן נאָמען גוטמאַן, האָט ער מורא געהאַט אַריינלייגן צו פיל געלט אויף זיין קאָנטע אויפן פאַלשן נאָמען. ווען נישט דאָס, וואָלט געווען ביטער. אַלע באַנקקאָנטעס זענען שוין זיכער געשלאָסן.

ער איז געווען איבערראַשט ווען די באַנק האָט אים אויסגעצאָלט ביז צו דער פּרוטה. אָבער צוריק געשמועסט: זיי האָבן אים אויסגעצאָלט ישׂראל־דיקע פונטן וואָס וועלן סיי ווי האָבן אַ קנאַפּן ווערט. ניסים, וואָס ער האָט די דאָלאַרן נישט אַריינגעלייגט אין באַנק. ער מוז טאַקע צוריקגיין אַהיים נעמען אַ פּאָר דאָלאַר. די שפּעקולאַנטן האָבן שוין זיכער פאַרצענפאַכיקט דעם פּרייז און באַהאַלטן די וויכטיקסטע אַרטיקלען. אַז דער קרעמער וועט דערזען אַמעריקאַנער דאָלאַרן — — —

געווען אַ סך קונים אין געוועלב, אָבער יעדער האָט באַקומען וואָס ער האָט געוואָלט צו נאָרמאַלע פּרייזן. מע האָט איינגעקויפט מער ווי געוויינלעך, מחמת מע וועט נישט קאָנען אַרויסגיין ווען דער שׂונא וועט באָמבאַרדירן די שטאָט. קיין פּאַניק איז נישט געווען. אין די מענטשן איז עפּעס אַטראָפירט געוואָרן אין היטלערס קאָנצענטראַציע־לאַגערן. יאָ, דאָס געפיל פון שרעק איז אַטראָפירט געוואָרן, אַנישט וואָלטן זיי פון זינען אַראָפּ. אָבער פאַרלירן די פעיִקייט זיך צו דערשרעקן איז אויך אַ פּסיכישע קרענק. כּדי אַ מענטש זאָל קאָנען עקסיסטירן, מוז ער זיין פעיִק צו שרעק, ווי זיין גוף מוז קאָנען דערפילן ווייטיק כּדי ער זאָל נישט זיך אַליין צעשטערן. נאַסער שרייט: עגיפּטן וועט אייך צעמאָלן אויף שטויב. די עגיפּטישע ראַדיאָ וואָרנט: די פעדאַיִנס זענען נאָר פאַרפּאָסטנס פון דעם עגיפּטישן כּוח וואָס וועט אָפּ־ווישן ישׂראל פון דער ערד. די ישׂראל־צייטונגען דרוקן איבער פון די עגיפּ־טישע צייטונגען דעם רוף צו די פעדאַיִנס: „קאָמאַנדאָס, מענטשן פון עגיפּטן און פּאַלעסטינע, טוט אייער חוב: צינדט אונטער, צעשטערט און קוילעט!"

די ישׂראל־פּרעסע איז מודה, אַז זינט דעם וואָפן־שטילשטאַנד נאָך דער באַפרייַ־מלחמה, זענען פאָרגעקומען זעקס טויזנט אָנפאַלן, און באַשרייבט די נייַע מינים געווער און די נייַע אויסשולונג וואָס טשעכיי און רוסלאַנד

האָבן געגעבן דעם שונא. לעאָן לייענט די צײַטונג אין גאַס נעבן דעם קיאָסק, אַנדערע טוען דאָס זעלביקע. ער קוקט אַריבער זײַן צײַטונג און וואַרט. ווען וועלן זיי נעמען לויפן צו בן־גוריונס ביורא און שרײַען, אַז זיי ווילן נישט קיין מלחמה אָן אַ זין און אָן אַ מעגלעכקייט אויף נצחון? זיי לייענען זייער צײַטונג און גייען זיך אַוועק שטיל. עס גייט אים נישט נאָר אין זײַן אייגענעם בידנעם, קורצן לעבן. ווי זאָגט אַ פּויליש ווערטל: „בלוט איז נישט קיין וואַסער", זיי זענען פאַרט זײַן בלוט און פלייש.

דינסטיק בײַ נאַכט האָט אַן אויסלענדישער ראַדיאָ געמאָלדן, אַז ישׂראל־פאַראַשוטיסטן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין סיני טיף הינטער די עגיפּטישע פּאָזיציעס. לעאָן האָט זיך פּראָבירט טרייסטן, אַז ס'איז נאָר אַ שטראָפאַקציע. די מיטוואָכדיקע פרימאָרגן־צײַטונגען האָבן באַשטעטיקט שוואַרץ אויף ווײַס: מלחמה! די „פּאָוסט" האָט געבראַכט דעם רוף פון גענעראַל אסף שׂמחוני צו די סאָלדאַטן פון דרום־פראָנט: „די כּוחות פון דרום וועלן קעמפן קעגן דער עגיפּטישער אַרמיי — — —" לעאָן האָט געשלאָסן די אויגן. איצט זאָגט שוין דער ישׂראל־גענעראַל דאָס זעלביקע וואָס די עגיפּטער. אַז ער וויל אַ פּויער, אַ ראַזירער, אַ צײַטונג־פאַרקויפער — פרידלעכע מענטשן זאָלן קאָנען שיסן און קוילען, מוז ער אויפוועקן אין זיי ביטערניש, מוז ער זיי אָנטרינקען מיט שׂינאה. „בלוט פאַר בלוט!" שרײַט אַוודאי דער ייִדישער גענעראַל און אַ שוים שפּריצט פון זײַן מויל. דער קאָמאַנדיר וועט דערמאָנען דעם אָנפאַל און שחיטה פון די קינדער אין שפּריר, די גראַנאַטן געוואָרפן אויף אַ חתונה אין אַ נגבֿ־קיבוץ. אַ טויט די קינדער־מערדערס! קעמפט ביז איר וועט זיי אָפּווישן פון דער ערד! אַזוי האָט זיכער גערופן דער קאָמאַנדיר פון דרום־פראָנט.

לעאָן האָט געעפנט די אויגן און ווידער גענומען לייענען: „די כּוחות פון דרום־פראָנט וועלן קעמפן קעגן דער עגיפּטישער אַרמיי ביז זיי וועלן פאַרזיכערן, אַז דער ישׂראל־פּויער וועט קאָנען אַקערן זײַן ערד אין מנוחה, אַז די בירגערס, די פרויען, די אַרבעטערס זאָלן קאָנען לעבן אין זיכערקייט אויף אונדזער ערד און מער נישט זײַן דער ציל פאַר אַ האָגל פון בלײַ, און אַ קינד זאָל קאָנען שלאָפן רויִק אין דער וויג".

זייער פײַן, זייער איידל. אויב ער, לעאָן, וואָלט געווען אַ לערער און

אַ קינד וואָלט צו אים געבראַכט אַזאַ שרײַבן, וואָלט ער דעם קינד געגעבן די בעסטע צייכנס. אָבער אַזוי פירט מען אַ מלחמה? אויב אַ האָליוווּד־מוּווי וואָלט געמאַכט אַזאַ קוואַטש און בטלנות, וואָלט מען עס אויסגעלאַכט. אויב זייער מיליטערישע אויסשולונג איז אַזוי צוגעפּאַסט צו מלחמה ווי די איידעלע באַפעלן פון זייערע קאָמאַנדירן, איז די מלחמה שוין אַ פאַרשפּילטע!

די ישועה איז געקומען פון אַן אומגעריכטן צד. פראַנקרײַך און ענגלאַנד האָבן געשיקט אַן אולטימאַטום סײַ צו ישׂראל, סײַ צו עגיפּטן, זיי זאָלן זיך צוריקציִען צען מײַל פון סועץ־קאַנאַל.

צען מײַל פון סועץ־קאַנאַל? די ישׂראלים זיך צוריקציִען? זאָל דאָס מיינען, אַז די אַלע פאַנטאַזיעס וואָס די באַלעבאַסטע האָט אַהיימגעבראַכט זענען נישט קיין הוילע פאַנטאַזיעס? די ישׂראל־קאָמוניקאַטן זאָגן ווייניק, די עגיפּטישע דערציילן וועגן נצחונות; וואָס טוט זיך דאָ?

תל־אָביב איז נישט באָמבאַרדירט געוואָרן פון דעם עגיפּטישן לופט־פלאָט. לויט די ישׂראלדיקע קאָמוניקאַטן, האָבן גאָר די ישׂראלים אַראָפּגעשאָסן דרײַ מיגס און זעקס אַנדערע דזשעטס. נו, נישט אַלץ איז פאַרלוירן, אָבער ישׂראל האָט לאַנגע ים־ברעגעס. ווי אַזוי וועט מען פאַרטיידיקן די ברעגעס מיט ישׂראלס נעבעכדיקן פלאָט?

דאָנערשטיק פאַר טאָג האָט טאַקע אַן עגיפּטישער קאָמוניקאַט געמאָלדן, אַז זייער פלאָט באַשיסט חיפה. ער, לעאָן, האָט עס פאַרויסגעזען, פאַר וואָס האָבן נישט געטראַכט וועגן דעם די יִדישע קריגפירערס?

דאָס מאָל האָט דער עגיפּטישער קאָמוניקאַט געזאָגט דעם אמת. זייער צעשטערער „איבראַהים על אַוואַל" האָט טאַקע באַשאָסן חיפה אין דער נאַכט פון מיטוואָך אויף דאָנערשטיק. דאָנערשטיק, זיבן דרײַסיק אין דער פרי, האָט דער עגיפּטישער צעשטערער שוין אַרויסגעהאָנגען אַ ווײַסע פאָן. די ישׂראלים האָבן באַזעצט די באַשעדיקטע שיף און זי צוגעשלעפּט צום ברעג.

ישׂראל־מיליטער האָט שוין נאָכגעיאָגט די עגיפּטער איבער גאַנץ סיני, און איז שוין געגאַנגען אויף עזה. ענגלאַנד און פראַנקרײַך האָבן שוין באָמבאַרדירט עגיפּטישע פליפעלדער; ס'איז נאָך אַלץ פונדעסטוועגן מעגלעך געווען, אַן עגיפּטישער עראָפּלאַן זאָל זיך באַווײַזן אַדורכצורײַסן, אָדער

אַ סירישער עראָפּלאַן זאָל זיך אַרײַנמישן און באָמבאַרדירן אַ ישׂראלדיקע באַגליטיע, האָט לעאָן זיך אַליין געוואָרנט, און איז דאָך געלאָפן צו דער באַנסטאַציע און זיך אַוועקגעלאָזט קיין חיפה. די ייִנגערע זענען געווען אויף די פּראָנטן; ס׳איז אָבער געווען אַ געשטופּ פון ווײַבער און קינדער. מע האָט נישט צוגעלאָזט נאָענט צום ברעג, ער האָט זיך פונדעסטוועגן אַדורכגעשטופּט ביז צום הילצערנעם באַריער און עס איז כּדאַי געווען. ער האָט מיט זײַנע אייגענע אויגן געזען די ישׂראלדיקע פאָן פלאַטערן אויף דער עגיפּטישער שלאַכטשיף. ער האָט נאָר איין קוק געטאָן און די קאָנטורן פון דער שיף זענען זיך צעפלאָסן אין זײַנע טרערן.

ווען לעאָן איז געפאָרן צוריק קיין תּל־אָביב איז ער שוין געווען הייזעריק, אָבער אָן אַ קול האָט עס נאָך אַלץ געשריגן אין אים: הידד, הידד!

## VI

דער משׂא־אויטאָ וואָס דער באַלעבאָס האָט געפירט, איז אַרויף אויף אַ מינע. מע האָט אים געבראַכט פון עזה־פראָנט אין אַ שפּיטאָל אַרײַן נעבן פּתח־תּקווה. ווען לעאָן האָט אים מבקר־חולה געווען, האָט דער באַלעבאָס צו אים געשמייכלט. ער האָט פאַרלוירן אַ פוס, אָבער געוווּנען די מלחמה. אויס מיט די פעדאַיִן־באַזעס אין עזה. מער קיין גראַנאַטן אויף ייִדישע חתונות און אויף שלאָפנדיקע קינדער.

די באַלעבאָסטע האָט זיך נישט פאַרגונען אַ קרעכץ צו טאָן. פון דעם הויז אָקעגן איבער זענען צוויי זין געפאַלן. דאַנקען גאָט וואָס איר מאַן לעבט, אירע קינדער לעבן.

דעם פיפטן נאָוועמבער האָבן די עגיפּטער אויף דעם סיני־האַלב־אינדזל געלייגט דאָס געווער. נישט געקוקט אויף דעם דרוק פון די פאַראייניקטע פעלקער, האָט בן־גוריון דעם זיבעטן נאָוועמבער דערקלערט אין דער כּנסת, אַז ישׂראל וועט בלײַבן אין סיני ביז עס וועט דערגרייכט ווערן אַ שלום. אָבער די זעלביקע אַמעריקע וואָס רודפט אים, לעאָנען, האָט זיך אָנגעזעצט אויך אויף ישׂראל, ביז ישׂראל האָט צוגעזאָגט זיך צוריקצוציִען. פאַר וואָס האָט בן־גוריון פלוצלינג מסכּים געווען צוריקצוגעבן נאָסערן די פעדאַיִן־

באַזעס און די מעגלעכקייט ווידער צו שליסן די וואַסערוועגן פאַר ישׂראלס שיפן? מע זאָגט, אַז אײַזנהאַווער האָט צוגעזאָגט בן־גוריונען, אַז אַמעריקע וועט גאַראַנטירן ישׂראלס פרײַע נאַוויגאַציע אין סועץ־קאַנאַל און אין טי־ראַנער דורכגאַס. אויב בן־גוריון וואָלט אויסגעשטאַנען פון אַמעריקע וואָס ער, לעאַן, שטייט אויס, וואָלט ער נישט געטרויט זייערע הבטחות.

VII

אַן אַרטילעריע־אָפיציר האָט געשולט נײַע רעקרוטן. ווען דער האַרמאַט האָט אויסגעשאָסן מיט אַ הילכיקן קנאַל, זענען אַלע רעקרוטן זיך צעלאָפן, נאָר יונה איז געבליבן שטיין. „פאַרלאַנג וואָס נאָר דו ווילסט און וועסט עס באַקומען", האָט דער אָפיציר געוואָלט באַלוינען יונהן פאַר זײַן אומדערשראָקנקייט. „כ'בעט געהאָרכיק אַ פּאָר טרוקענע הויזן", האָט יונה געענטפערט.

דאָס איז געווען אַזאַ וויץ וועגן יידישע סאָלדאַטן אין פּוילישן מיליטער. אַ יידישן זעלנער האָבן זיי גערופן „יונה־קאַראַבין, יונה־ביקס" און געלאַכט. און געלאַכט. דאָס בלויזע צונויפפאָרן יונה מיט ביקס האָט שוין געקלונגען אויסטערליש און קאָמיש.

יונה האָט פײַנט די ביקס, דאָס איז אמת. אָבער ווען יונה דאַרף נעמען די ביקס צו פאַרטיידיקן זײַן לאַנד קעגן שׂונאים, ווער מאַכט אין די הויזן? נישט יונה!

זאַשאַ האָט געקוקט אויף אים ווי אויף אַ „יונה־קאַראַבין". „מאַמע־לעאַן" האָט זי אים גערופן, אַ גוט יידיקל, אַ שלימזל. בערנאַרד זעט אויס מער גוי און איז טאַקע מער גויאיש, אָבער נישט גענוג גויאיש זי זאָל מיט אים מיטפאָרן קיין אַמעריקע. זאַשאַ איז געבוירן געוואָרן אַ טאָכטער פון דעם אוקראַאינישן פּאָלק און איז געבליבן אַן אוקראַאינערין אונטער פּוילישער הערשאַפט, אונטער סאָוויעטישער הערשאַפט, בראַוואָ זאַשאַ! זי איז דער איינציקער גליי־כער מענטש אין דעם גאַנצן צעקרימטן טאַרנאָווסקי־געזינדל.

סאָוויעטיש אוקראַאינע באַזינגט און שטעלט אויף מאָנומענטן דעם בלוט־דאָרשטיקן פּאָגראָמשטשיק באָגדאַן כמיעלניצקי. כמיעלניצקיס באַנדעס האָבן

טאַקע אָפּגעווישט פון דער ערד גאַנצע ייִדישע קהילות, אויסגעקוילעט און פאַרפּייַניקט צענדליקער טויזנטער ייִדן, אָבער זיי זענען געווען אויפשטענדערס קעגן פּוילן און פאַראייניקט אַ שטיק אוקראַיִנע מיט רוסלאַנד, און דאָס איז העלדיש. האָט דען די קאַטוילישע קירך זיך אָפּגעטרייסלט פון דער גלאָריע פון די קרייצפאַרערס ווייַל זיי האָבן אויסגעקוילעט גאַנצע ייִדישע קהילות? רוים האָט גאָר טייל פון זיי קאַנאָניזירט און געמאַכט פאַר הייליקע.

געווען אויך אין ישׂראל אַן אומגליק ווען אַן אונטעראָפיציר האָט שלעכט פאַרשטאַנען דעם באַפעל פון זייַן אָפיציר און געשאָסן אויף דער ציווילער באַפעלקערונג פון אַן אַראַבישן דאָרף. ניין, ישׂראל האָט עס נישט באַרעכטיקט ווי אַ נקמה־אַקט פאַר ענלעכע מעשׂים קעגן ציווילע ייִדן. ישׂראל האָט דעם אונטעראָפיציר נישט גלאָריפיצירט ווי אַ העלד און נישט קאַנאָניזירט ווי אַ הייליקן. ישׂראל האָט אים אַוועקגעזעצט אויף דער באַשולדיק־באַנק, אים געמישפּט און באַשטראָפט. יאָ, דאָס איז יונה־קאַראַבין־מענטאַליטעט. אין דעם זין זענען די גויִים גערעכט. אין דעם זין איז ער, מאַמע לעאָן, אַ זון פון דעם יונה־קאַראַבין־פאָלק און איז שטאָלץ מיט דעם.

## VIII

לעאָן איז איצט גאַנצע טעג געזעסן אין דער שטאָט־ביבליאָטעק און געשלונגען איין בוך נאָכן אַנדערן. די שוואַכקייט פון די שׂונאים און זייערע טעותים קומען פון דעם וואָס זיי קענען נאָר די געאָגראַפיע פון ישׂראל, אָבער נישט איר היסטאָריע. אַ געשיכטע־בוך פון דעם ייִדישן פאָלק קאָן נאָסערן געבן מער ווי זייַנע שפּיאָנען, און דינען אים בעסער ווי די סאָוויעטישע כּלי־זיין וואָס רודן שוין אין ישׂראלדיקע געווער־מאַגאַזינען. עס וועט אים ווייַזן דעם מין מענטש קעגן וועמען ער וויל פירן אַ מלחמה. אויב נאָסער וועט דערקענען דעם אמתן „יונה־קאַראַבין", וועט ער זייַן מער גענייגט צו שלום. די הייַנטיקע צייַט איז אַ גענויע איבערחזרונג פון דעם וואָס האָט געטראָפן מיט צוויי טויזנט הונדערט און דרייַ און צוואַנציק יאָר פריִער. דער רוב פון פאָלק זענען געווען געטרייַע „חסידים", גרייט יעדע מינוט אָפּצוגעבן זייער לעבן פאַר זייער ייִדישקייט. יאָ, זיי האָבן זיך געלאָזט קוילען אָן ווידערשטאַנד ווען דער שׂונא האָט געהאַט די יכולת זיך נוקם

צו זײַן אין אַנדערע ייִדן און עס איז נישט געווען קיין רעאַלע מעגלעכקייט עפּעס צו דערגרייכן. אָבער אָט האָט זיך אַנגערוקט אַ פּאָליטישע קאָניונקטור. אַ נײַע גרויסמאַכט איז אויפגעשטאַנען אין רוים, די סעלייקידן האָבן געהאַט קאָנפליקטן מיט די פּטאָלאָמייערס, זיך פּאַרוויקלט אין אַ מלחמה מיט די פּאַרטער, און זע וואָס עס איז געשען: די ייִדישע שפּעלעך זענען פּלוצלינג געוואָרן לייבן. די הייפלעך כּוהנים און לוויים, תּהילים־זינגערס און תּורה־לערנערס — די דעמאָלטיקע „יונה־קאַראַבינס" — האָבן באַזיגט אַ גרויסע מלוכה, אַ גרויסע, געשולטע, גוט־באַוואָפנטע און גוט־באַשפּײַזטע אַרמיי. אָן איבערגעוויכט פון חכמה קעגן אָן איבערגעוויכט פון געווער; איין מוטי־קער, דעטערמינירטער קעמפער קעגן צען פּראָפעסיאָנעלע סאָלדאַטן וועלכע האָבן אָבער אין דער מלחמה זיך נישט געניײטיקט. שרײַב איבער די דאַטעס און דו האָסט די געשיכטע פון די געטאָס און פון די ישׂראל־קאַמפן מיט אַלע פּרטים, אַפילו מיט דער פּאָליטישער קאָניונקטור וואָס דער סועץ־קאָנפליקט האָט געשאַפן.

פון דעם אַמאָליקן מצרים זענען דאָך אַרויס נאָר צוועלף משפּחות, שקלאַפן־משפּחות. דאָס קליינע לענדעלע וואָס זיי האָבן אויסגעקעמפט און קולטיווירט איז כּסדר אַנגעגריפן געוואָרן פון גרעסערע פעלקער און אַ סך מאָל באַזיגט געוואָרן דורך גרויסמאַכטן. אַנדערע פעלקער גייען אונטער, אָבער ייִדן בלײַבן ייִדן, בויען צוריק אויף זייערע היימען און זייער קולטור. אין פײַער פון מלחמות ווערט אויסגעשמידט זייער מוט און זייער האַרט־נעקיקייט. ווי אַ יונג, ווילד אָגערל, וואָס הערט נישט אויף אַראָפּשלײַדערן פון זיך יעדן רײַטער, מאַכן זיי אויפשטאַנדן קעגן זייערע אונטערדריקערס. צי זיי געווינען אָדער פאַרלירן, קומען זיי אַרויס די זיגערס, ווײַל זייער ייִדישע וויסיקייט ווערט געשטאַרקט. די אויפשטאַנדן קעגן רוים האָבן נישט דערגרייכט דעם הויפּטציל, אָבער זענען נישט ווייניקער חשוב ווי דער אויפשטאַנד פון די מכּבייער, אַלע זענען זיי גרויסע עפּאָפּעעס פון העלדיש־קייט. אַלע, אַפילו אין די צײַטן ווען די גבורה איז באַשטאַנען נישט אין הרגענען, נאָר אין געהרגעט ווערן פאַר דער גרויסקייט פון פאָלק.

לעאָן האָט נישט געוווּסט צי ער זאָל זײַן אין כּעס אויף זײַן מאַמע אָדער גאָר רחמנות האָבן אויף איר און אויף דעם פּוסטן לעבן וואָס זי אַליין

האָט געהאַט און איבערגעגעבן צו אירע קינדער. די ייִדן זאָגן: „שווער צו זײַן אַ ייִד". אויב מע קען נאָר אַ ביסל ייִדישע געשיכטע איז עס לגמרי נישט שווער, אַפּילו אויב מע מוז צוליב דער ייִדישקייט אויסשטיין צרות. עס איז אַ סך ריכטיקער צו זאָגן: „שווער צו זײַן אַ גוי". די גויים דערלאָזן נישט, דער ייִד זאָל ווערן אַ גוי אַפּילו ווען ער וויל עס אַזוי שטאַרק ווי זײַן מאַמע האָט עס געוואָלט. אַ גאַנץ לעבן האָט ער געפּטרט צו ווערן אַ גוי און עס איז אים נישט געלונגען. ער האָט ערשט איצט באַקומען חשק צו ווערן אַ ייִד און פילט זיך שוין אַ גליד פון ייִדישן פאָלק און איז שוין באַרעכטיקט צו אַ חלק אין דער ייִדישער געשיכטע. ער איז נאָך קיין מאָל אין זײַן לעבן נישט געווען אַזוי גאַנץ מיט זיך ווי הײַנט. ווי האָט ער געקאָנט אָפּוויסטן קנאַפּע פופציק יאָר אין עלנטקייט? ער האָט איצט אַרום זיך אַזוי פיל אייגענע. עס איז אים גוט ווען די באַלעבאָסטע קאָכט עפּעס פאַר אים, עס איז אים נאָך בעסער ווען ער קאָן לויפן אין אַ שליחות פאַר דעם באַלעבאָס וואָס האָט זיך נאָך אַלץ נישט צוגעווינט צו זײַן פּראַטעזש. דער צײַטונג־פאַרקויפער, דער ראַזירער, דער אויטאָבוס־קאָנדוקטער, דער גאַסן־קערער, ביז אַרויף צו בן־גוריונען זענען אַלע זײַנע קרובים. אַ ייִדיש ווערטל זאָגט: „ס'איז בעסער צו האָבן אַ נאָענטן שכן ווי אַ ווײַטן ברודער". ער האָט קיין מאָל נישט געפילט צו זײַן ברודער אַזאַ נאָענטקייט ווי ער פילט צו דעם אינוואַליד וואָס איז דער באַלעבאָס פון זײַן דירה.

הלוואַי וואָלט ער אויך געקאָנט דערנענטערן זײַן ווײַטן ברודער. אַ נס וואָס מאַשאַ האָט זיך פאַרליבט אין אַן אמתן ייִד. זאָל טעד לערנען מיט איר ייִדישע געשיכטע, עס וועט אים דעמאָלט אָנקומען לײַכטער זי צו מאַכן אַ געטרײַע ייִדישע טאָכטער. ס'איז צום לאָכן ס'גרעסטע געלעכטער: די געטרײַע ייִדישקע צווישן די טאַרנאָווסקיס וועט זײַן די טאָכטער פון אַ פאַרביסענער אוקראַיִנערין, אפשר אַן אייניקל פון כמיעלניצקין. אַזוי איז ייִדישער גורל זיך נוקם אין די אַפּטריניקעס...

כּדאַי אָנצושרײַבן אַ פּאָר ווערטער צו מאַשאַן. ער וועט עס ווידער אָוועקשיקן אָן אַ צוריק־אַדרעס. און אַז עף־בי־איי וועט זיך דערוויסן, אַז ער איז אין ישׂראל? גיי געפין אַ שפּילקע אין אַ סטויג היי. נישטאָ קיין טאַרנאָווסקי אין ישׂראל, ער איז מיסטער גוטמאַן.

IX

אונטער אַרעסט? פאַר וואָס? ווען האָט ער באַגנבעט? ער איז אַ רויִקער מענטש, אַ קראַנקער מענטש, וואָס ווילן זיי פון אים?

ער איז אַרייַנגעקומען אויף אַ פאַלשן דאָקומענט? איז עס נישט ריכטיק אַז יעדער ייִד האָט אַ רעכט צו קומען קיין ישׂראל? ער איז געווען פאַרליבט אין אַ שיקסע, איז ער באַדיי געבליבן אַליין און געבליבן אַ ייִד. ער איז שטאָלץ צו זייַן אַ ייִד, ער לערנט זיך עברית אין אַן אולפּן. וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס שטיקל פּאַפּיר? ער איז געמלעט און דאָס איז זייַן דאָקומענט וואָס איז נישט פאַלש. ער וויל אַן אַדוואָקאַט.

ער איז געווען אונטער אַרעסט אין אַ שפּיטאָל-צימער. מע האָט אים געגעבן אייַנשפּריצן קעגן לוקעמיע און פּילן צו שלאָפן. זייַן אַדוואָקאַט האָט פאַר אים איבערגעזעצט די דיסקוסיע אין דער פּרעסע. איין צייטונג האָט געשריבן, אַז ישׂראל טאָר נישט ווערן קיין עיר־מקלט פאַר ייִדישע פאַר־ברעכערס פון דער גאַנצער וועלט. געזעצלעך איז ישׂראל טאַקע נישט מחויב אים צוריקצושיקן קיין אַמעריקע, אָבער שטעלן זיך אויף דער זייַט פון דעם שפּיאָן וועט אַרויסרופן שלעכטן ווילן און אַנטיסעמיטיזם. אַלע אַנדערע צייַטונגען זענען געווען קעגן אַרויסשיקן. אַרויסשיקן טאַרנאָווסקין וועט שאַפן דעם אייַנדרוק, אַז אַמעריקע קאָן אַלע מאָל צווינגען ישׂראל צו טאָן איר ווילן. מע דאַרף ווייַזן, אַז ישׂראל איז נישט קיינעמס סאַטעליט.

ער איז געלעגן אויף זייַן בעט אין דעם ביילינסאָן-שפּיטאָל, נישט ווייַט פון תּל-אָביב, און אויך נישט ווייַט פון דער לודער פליפלאַץ, פון וואַנען עס פליִען אָפּ די עראָפּלאַנען קיין ניו־יאָרק. פון יענער זייַט טיר איז געזעסן אַ פּאָליציאַנט און געהיטן, ער זאָל נישט אַנטלויפן. וווהין קאָן ער לויפן? אַזאַ גרויסע וועלט און פאַר אים האָבן זיי נאָר אַן ענגע צעל אין תּפיסה. ביליאָנען מענטשן דרייען זיך אַרום אויף דער ערד, און די וועלט האָט נישט קיין גרעסערע דאגה ווי יאָגן זיך נאָך אים. אַזוי פיל מערדערייַען ווערן פאַרשוויגן, אַזוי פיל אמתע פאַרברעכערס דרייען זיך אַרום אויף דער פרייַ, און דאָס גרויסע, שטאַרקע אַמעריקע האָט נאָר איין ציל, לעאָן טאַרנאָווסקי זאָל זיך נישט אויסדרייען פון סינג־סינג. דער גערעכטיקייט וועט געשען

אַ גרויס אומגליק אויב מע וועט לאָזן ער זאָל, די פּאָר חדשים וואָס ער האָט נאָך, דעגענערירן אין זײַן אייגן בעט.

ס'איז אַ וועלט פון סאַדיסטן. מע קאָן לעבן נאָר אויב מע באַווײַזט אַדורכצושלײַכן זיך דורך דעם לעבן אַנאָנים, אומבאַמערקט. ווי גוט עס איז אים געווען ווען ער איז געווען אַ פּנים צווישן אַנדערע פּנימער. פּלוצלינג האָט זײַן בילד זיך באַוויזן אין די צײַטונגען און דאָס גײַעג האָט זיך אָנגעהויבן. קיינער וויל אים נישט, נאָר אַמעריקע וויל אים כּדי אים צו צעדריקן ווי אַ וואַנץ. ווי אַזוי קאָן ער צוריק ווערן אַ גול־פּנים, אַן אַנאָנים, קיינער זאָל זיך אויף אים נישט אומקוקן ביז מע וועט אים געפינען אַ קענסער־צעפּרעסענעם אויף זײַן קליין, אָבער אייגן, בעט.

ער האָט אַ קוועטש געטאָן אַ קנעפּל. די קראַנקן־שוועסטער האָט שוין געוווּסט וואָס ער וויל. זי האָט אים געבראַכט צוויי שלאָפטאַבלעטן און אַ גלאָז וואַסער. ער האָט שוין געהאַלטן ביידע טאַבלעטן גרייט אַרײַנצוואַרפן אין מויל ווען ס'איז אים עפּעס אײַנגעפאַלן. ער האָט פאַרקלעמט איין טאַבלעט צווישן די פינגער און נאָר איינעם אַרײַנגעוואָרפן אין מויל. ער וועט שוין ווי עס איז אײַנשלאָפן מיט איין טאַבלעט. ער מוז אָנזאַמלען אַ סך שלאָפטאַבלעטן.

איין טאַבלעט איז, ווײַזט אויס, נישט גענוג געווען. מע זאָגט אַז ציילן, אַ מאָנאָטאָן ציילן, העלפט אײַנשלאָפן. וואָס זאָל ער ציילן? זײַנע אַלבומען מיט מאַרקעס וועט ער ציילן. זײַנע? בערנאַרד האָט זיי פאַרמשכּונט צו באָרגן געלט אויף זײַן קויציע. די מינוט וואָס ער האָט פאַרלאָזט ניו־יאָרק און די קויציע איז פאַרפאַלן געוואָרן, האָט ער פאַרלוירן זײַן פאַרמעגן, אַרבעט און אָפּשפּאָרונגען פון מער ווי צוואַנציק יאָר.

אויב ער וויל אײַנשלאָפן, מוז ער טראַכטן וועגן אָנגענעמע זאַכן. אָנגענעמע זאַכן? ער האָט דען געהאַט איין גוטן טאָג אין זײַן לעבן?

די ערשטע צײַט מיט מאַשאַ אין ניו־יאָרק. זי האָט זיך געטוליעט צו אים, געשלעפּט אים אין די מוווּיס. ניין, ס'האָט אים נישט ——— ער האָט זיך געפילט אומבאַקוועם מיט אירע צערטלעכקייטן. האָט ער זי חושד געווען אין נישט־אויפריכטיקייט? ניין, אָבער ער האָט געוווּסט אַז עס מיינט גאָרנישט, אַז זי נאַרט נאָר זיך אַליין. ער האָט אויך נישט געקאָנט פאַרגעסן,

אַז איר מאַמע האָט אַ מאָל אַזוי זיך געטוליעט צו אים, ביז ער האָט זי באַקענט מיט זײַן ייִנגערן, שענערן ברודער. דאָס טראַכטן וועגן מאַשאַן וועט נאָכ־שלעפּן אַ לאַנגן עק מיט ביטערע זכרונות. ניין, דאָס וועט אים נישט העלפן אײַנשלאָפן.

אַז ער קוקט אויף צוריק —— אין אַלע זײַנע יאָרן ——

אַ נעפּל. דער נעפּל נידערט אַראָפּ, אַלע זײַנע יאָרן שטאָרן אַרויס אויבן איבער דער אײבערפלאַך, ער זינקט אַראָפּ. ער שטרעקט די האַנט אַרויף און באַוויַזט זיך אַנצוכאַפּן אין אַ וואָרט: יאָרן.

יאָרן —— יאָרן —— דער קאָפּ שווימט אַרויף אויף דער אייבערפלאַך, אַ געדאַנק קלאָרט אויף, ווי אַ ראַטירשטריק, און שלעפּט אים אַריבער צו אַ ניכטערן ברעג. אין אַלע יאָרן פון זײַן גאַנצן לעבן — קינדער־יאָרן, גימנאַזיע, אוניווערסיטעט, לעמבעריק, ניו־יאָרק — איז אים געבליבן נאָר איין שעה צו וועלכער ער קאָן צוריקקומען אָן האַרצווייטיק: די קעלנערקע.

ס'איז געווען אַ שבת אין דער פרי. ער איז אַרײַן אין קיך עסן אָנ־בײַסן, האָט דער מושב, די שאָווערײַ אים אַרויסגעיאָגט פון שטוב. דעם אָונט פאַר דעם איז מאַשאַ אַהיימגעקומען שפּעט פון אַ ראַנדעוווּ מיט איר טעד. און אַז זי איז אַהיימגעקומען הונגעריק? וויפל געשיר דאַרף דאָס איין מענטש שמוציק מאַכן בײַם כאַפּן אַ ביס צוויי אַ זייגער פאַר טאָג? ער איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב. סײַ ווי האָט ער געוואָלט אַ ביסל שפּאַצירן איבער די געשעפטן פון פּאָסטמאַרקעס אין מאַנהעטן, וועט ער שוין עסן אין אַ רעסטאָראַן.

ער האָט איבערגעלאָזט זײַן הוט נעבן זײַן טישל, די קעלנערקע זאָל וויסן אַז ער וועט צוריקקומען מיט קליינגעלט איר איבערצולאָזן טרינקגעלט. ער איז געשטאַנען נעבן דער קאַסע, די קעלנערקע האָט אַריבערגעשמייכלט צו אים קאָקעטיש. דער קאַסירער האָט עס באַמערקט און אַ ווונק געטאָן מיט איין אויג.

„זי איז אַ שיינע”, האָט ער געזאָגט. דער קאַסירער האָט ווידער אַ ווונק געטאָן מיט איין אויג: „אויב זי געפעלט דיר זאָג עס איר, זי לאָזט צו זיך רעדן”. ער איז צוריקגעגאַנגען צום טישל, די קעלנערקע האָט דאָרט געוואַרט אויף אים. דער ווײַסער אוניפאָרם איז געווען ווי אויסגעגאָסן אויף איר לײַב.

איבער דער ברוסט־קעשענע איז געווען אויסגענייט איר נאָמען: מערי. „דו ביסט אַ שיינע, מערי", האָט ער געזאָגט און אַוועקגעלייגט אַ גאַנצן דאָלער טרינקגעלט.

„אָבער טײַער", האָט זי געענטפערט.

„ביסט ווערט", האָט ער געזאָגט און זיך געוווּנדערט ווי פּײַן די צונג דינט אים. זיי האָבן זיך אָפּגערעדט זי זאָל קומען צו אים אין אַ האָטעל נאָך מיטאָג ווען זי פאַרענדיקט די אַרבעט.

ער האָט געזאָגט „ביסט ווערט" נאָר כּדי צו זײַן העפלעך און פאַרגעסן צו פרעגן ווי טײַער זי איז. ער האָט געוואַרט אויף איר אין דעם אָפּגערעדטן האָטעל און שוין חרטה געהאַט אויף דעם גאַנצן עסק. וואָס פאַר אַ משוגעת אין מיטן העלן טאָג? זי איז אַ יונגע, די מערי, אָבער ער וואָלט איצט געהאַט מער הנאה פון נישטערן צווישן אַלטע פּאָסטמאַרקעס.

*

„דו ביסט אַ שעמעוודיקער, האַ?" האָט זי געזאָגט און אים אַ קיצל געטאָן. „דו ביסט שעמעוודיק, אָדער כ'געפעל דיר מער נישט?"

„דו ביסט שיין און יונג און———"

„דו געפעלסט מיר אויך. מיר געפעלן אַזעלכע ווי דו, מיטליאַריק, ערנסט, מיט אַזעלכע טונקעלע, טרויעריקע אויגן. זײַ נישט אַזוי טרויעריק, דאַרלינג".

„איך בין נישט טרויעריק, אָבער כ'בין וואָס מע רופט אַ נודניק. איך ווייס נישט ווי אַזוי צו פלאַפּלען. ,סמאָל טאָק' געהערט נישט צו מײַנע טאַלאַנטן".

„דאָס איז גוט. דאָס איז אויסגעצייכנט! פרויען האָבן נישט ליב קיין מענער וואָס זענען באַרעדעוודיק ווי ווײַבער, אָדער וואָס זענען לײַכטזיניק ווי פרויען. אַ פרוי האָט ליב ווען אַ מאַן איז ערנסט און זי קאָן פאַר אים דרך־ארץ האָבן, און ווען ער איז שעמעוודיק און זי קאָן אים צערטלען ווי אַ קינד. אַ פרוי וויל זען אין איר מאַן, סײַ אַ פאָטער־געשטאַלט, סײַ עפּעס וואָס אַפּעלירט צו איר מוטערלעכקייט".

„דו מיינסט עס ערנסט".

„דיר קאָן איך עס אויסזאָגן, טאַקע ווײַל דו ביסט אַזוי פּערפעקט".

X

איז מערי באמת געווען אַנדערש, אָדער איז עס געווען פּראָפעסיאָנעלער אָנשטעל? זי האָט אים געצערטלט אַזוי באַחנט, אַזוי איידל. זי האָט געשטיפּט מיט אים און געמאַכט אים לאַכן. עס איז געווען אַזוי גוט ווען זי האָט אַריינ־געגליטשט איר הענטל אונטער זיין העמד און געגלעט זיין ברוסט. נאָך איידער זיי האָבן זיך אויסגעטאָן, האָט ער שוין געפיבערט און זי באַגערט ווי קיינעם נישט פאַר איר.

זי האָט זיך אויסגעטאָן שטיפעריש, ווי אין אַ „סטריפּטיז" — ווידער אַ סורפּריז.

„דיין טאַטע איז אַן אַרכיטעקט, אָדער אַ סקולפּטאָר?" האָט ער זי געפרעגט.

„וואָס עפּעס?"

„דיין פיגור איז געבויט לויט אַ מייסטערישן פּלאַן און אויסגעטאַקט מיט די הענט פון אַ קינסטלער".

אירע ליניעס פול מיט גראַציע, איר טאַליע, אירע פיס און היפטן ווי אויסגעטעטשעט מיט דער אינספּיראַציע פון אַ מייסטער אין די קלענסטע דעטאַלן. אירע בריסטלעך ווי צוויי ציטיקע עפּעלעך, איר הויט ליכטיק מיט טויִקער פרישקייט, ווי זון און אומשולד וואָלטן זיך צונויפגעגאָסן אין אַ קאָליר. ניין, ס'איז נישט זיין איצטיקע, צעהיצטע, מיטנאַכטיקע פאַנטאַזיע, ס'איז נישט דער איינציקער מיזעראַבלער שלאָפּטאַבלעט וואָס מאָלט פאַר אים אַ פאַטאַ מאָרגאַנאַ. מערי איז געווען ווי אַ חלום, אָבער זי איז געווען רעאַל און אמתדיק און אויסערגעוויינלעך.

ער האָט זי גאָר נישט געוואָלט אָפּלאָזן, אָבער זי האָט זיך פּלוצלינג גענומען איילן. אין אָוונט אַרבעט זי אין אַן אַנדערן רעסטאָראַן אין דער טיימס־סקווער־געגנט און זי מוז אַהיימגיין זיך אויסרוען. צי זי וועט אים ווידער זען? אַוודאי וועט זי אים ווידער זען, אויב ער קאָן עס זיך דערלויבן...

איר פּרייז איז אויך געווען אַ סורפּריז. ער האָט נישט געהאַט מיט זיך גענוג מזומן. זי האָט, מעשׂה סוחר, גענומען האַלב מזומן און די אַנדערע העלפט אין אַ טשעק. דער געשעפטלעכער פינאַל האָט אים געהאַט אַרויס־

געריסן פון זײַן פּאַרחלומטקייט, אָבער זי האָט עס גיך פאַרריכט. אָנגעטאָן, אָפּגעשמינקט, האָט זי ווידער אַ שטיף געטאָן מיט אים און ווידער געוואָרן לויטער שמייכל. זי האָט אים געגעבן דעם סדר פון אירע אַרבעט־שעהען אין יעדן פון די רעסטאָראַנען און נאָך צוגעוואָרפן אַ לופטקוש ווען זי איז שוין געווען בײַ דער טיר.

דאָס איז געווען דער שבת איידער מע האָט אים אַרעסטירט. ווי נאָר ער איז אַרויס אויף קויציע, האָט ער געגומען זוכן מערין, אָבער זי אין ערגעץ נישט געפונען. „מערי אַרבעט דאָ נישט מער", האָט אים געזאָגט זײַן באַקאַנטער קאַסירער, „זי האָט חתונה געהאַט. אפשר אַרבעט זי נאָך אין דעם אַנדערן רעסטאָראַן".

„כ'האָב זי שוין געזוכט אין דעם אַנדערן רעסטאָראַן".

„ס'פעלט נישט פון דעם מין", האָט דער קאַסירער געזאָגט. ווען דאָס האָט אים נישט געטרייסט, האָט דער קאַסירער צוגעגעבן: „קומט אַרײַן אין אַ פּאָר וואָכן אַרום. בײַ אַזאַ ס'גאַל האַלט אַ חתונה נישט אָן צו לאַנג. זי וועט צוריקקומען פריִער אָדער שפּעטער".

„פריִער אָדער שפּעטער" וועט סײַ ווי זײַן צו שפּעט פאַר אים. ער איז נאָר אַרויס אויף קויציע, און וויפל איז אים דען סך־הכל געבליבן צו לעבן? גראָד איצט האָט זי באַדאַרפט חתונה האָבן.

דעמאָלט אין ניו־יאָרק האָט עס אים ווייַ געטאָן. שיִער נישט ווי אַ בגידה. איצט — נייַן, דער ערשטער טאַבלעט האָט שוין אויסגעוועפּט און דער צווייטער וועט שוין איצט נישט העלפן. גוט, אַז ער האָט וועגן עפּעס אָנגע־נעמעס צו טראַכטן. גוט כאָטש איין נאָכמיטיק אין זײַן לעבן מיט דער מערי.

אויב מערי וואָלט דאָ געווען, וואָלט ער סײַ ווי נישט געהאַט געגוג כוח פאַר איר. ער איז שוין נישט מער וואָס ער איז געווען אַ מאָל. אין תל־אָביב האָט עס אים מער נישט געטראָגן איבער די גאַסן אין די נעכט. די שפּיאָנאַזש־אַוואַנטורע האָט אים אויסגעמאַרכט. אַ קאַפּווייטיק וואָס טרעט נישט אָפּ; אַז ער גייט אַ פּאָר טריט, ברעכן זיך אונטער אים די קניִען. אפשר דאַרף ער ווידער רעגטגען־באַהאַנדלונגען? ער איז אַנטלאָפן פון דער עף־בי־איַי און ממילא אויך פון זײַן דאָקטער. וואָס קאָן מען דאָ וויסן וועגן זײַן מצב, אַז די גאַנצע געשיכטע פון זײַן קרענק געפינט זיך אין ניו־יאָרק. ער וויל נישט

צוריקפאָרן קיין ניו־יאָרק, נישט צוליב זײַן דאָקטער און אַפילו נישט צוליב מערין. מערי איז אַ טײַערער ביסן, ער האָט גאָר נישט געגוג געלט צו באַגײַען די באַקאַנטשאַפט מיט איר. טראַכטן וועגן איר קאָן ער אויך דאָ אין תּל־אָביב. יענער נאָכמיטאָג מיט מערין איז זײַן, ער האָט פאַר איר גוט באַצאָלט, און ער מעג עס איצט נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל איבערלעבן. „דו ביסט אַ שעמעוודיקער, האַ?" האָט זי געזאָגט און אים אַ קיצל געטאָן. „דו ביסט שעמעוודיק, אָבער שיינ". ניין, נישט אַזוי. זי האָט געזאָגט: „ביסט שעמעוודיק, אָבער געפעלסט מיר". ערשט שפּעטער האָט זי אים געזאָגט וועגן זײַנע טונקעלע אויגן, טונקעלע, טרויעריקע אויגן.

ער וועט אפשר דאָך אײַנשלאָפן, די אויגן קלעפּן זיך. מאָרגן וועט ער באַהאַלטן ביידע טאַבלעטן. ער וועט נישט קאָנען שלאָפן? ער מוז נישט שלאָפן אַז ער קאָן טראַכטן וועגן מערין. נאָך אַ מאָל פון אָנהייב: „דו ביסט אַ שעמעוודיקער", האָט זי געזאָגט. „אַ שעמעוודיקער מיט טונקעלע, טרויעריקע אויגן און——" און אַ גרינע ציטרינהויט ווי בײַ אַן אַנעמיקער, אָדער לוקעמיע־קראַנקן. ניין, דאָס האָט נישט מערי געזאָגט, דאָס האָט ער הײַנט געזען אין שפּיגל. מערי האָט געזאָגט: „איך האָב ליב מיטליאָריקע מיט טונקעלע, טרויעריקע אויגן און——" און מיט לוקעמיע? ניין, זי האָט נישט געוווּסט וועגן זײַן לוקעמיע, אָבער ס'וואָלט נישט געווען אַנדערש אויב זי וואָלט געוווּסט. זי וואָלט אים אפשר נאָך מער געצערטלט. אויב זי וואָלט געוווּסט ווי שלעכט עס איז אים, וואָלט זי אפשר געקומען אָן געלט און זיך אויסגעטאָן פאַר אים אין אַ „סטריפּטיז" אים אויפצוהײַטערן. זי וואָלט געקומען צו אים דאָ אויפן שפּיטאָלבעט און געטוליעט זײַן שווערן, צעווייטיקטן קאָפּ צו איר געטאָקטער, ליכטיקער ברוסט און וואָלט געזאָגט: שפּאָר די שלאָפטאַבלעטן. איך וועל דיך אײַנשלעפן אָט אַזוי, אָט אַזוי, אָט אַזוי...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

XI

איין נאַכט איז ער אײַנגעשלאָפן מיט מערין און מיט איין שלאָפפיל, דרײַ נעכט איז ער אײַנגעשלאָפן נאָר מיט מערין און אײַנגעשפּאָרט אַלע

פילן. נאָר געשלאָפן מיט איר? זי איז געווען מיט אים די גאַנצע פיר און צוואַנציק שעה אין מעת־לעת. ער האָט אַפילו די קראַנקן־שוועסטער גערופן מערי. פלוצלינג איז זי אַוועק פון אים, נעלם געוואָרן לחלוטין. ער האָט מער נישט געקאָנט אַרויסרופן איר שפּילעוודיקן „סטריפּטיז״; אַפילו איר פּנים האָט ער מער נישט געקאָנט אַרויסרופן. אויסגעמעקט געוואָרן פון זכרון. מערי, טײַערע, פאַר וואָס האָסטו מיך פאַרלאָזט?

יאָ, ער איז אַרײַן אין דעם רעסטאָראַן, ס׳איז געווען אַ שבת אין דער פרי, אים האָט באַדינט אַ קראַנקן־שוועסטער ———

ניין, נישט אַ קראַנקן־שוועסטער. אים האָט באַדינט אַ קעלנערקע. די קעלנערקעס טראָגן ווײַסע אוניפאָרמען ווי די קראַנקן־שוועסטערס, ס׳איז געווען מערי.

מערי? איז טאַקע געווען אַ מערי? האָט ער נישט אַ מאָל אויסגעחלומט די מערי? אין זײַנע אַלע יאָרן פון אַליינקייט, אין די טעג פון עלנט, אין די נעכט אָן שלאָף, אַליין מיט זײַן קאַלט און ליידיק בעט, איז מער ווי איין פרוי געבוירן געוואָרן אין זײַן פאַנטאַזיע.

אַלע פרויען וואָס ער האָט אויסגעבריט אין זײַנע חלומות זענען געווען לײַביק און הויכברוסטיק ווי זאַשאַ, און צום סוף געוואָרן שלעכט צו אים ווי זאַשאַ. נישט מערי! מערי איז געווען גוט צו אים. זי האָט אים געצערטלט ווי קיין מאָל קיינער נישט פאַר איר, און קיין מאָל קיינער נישט נאָך איר. מערי איז געווען סײַ פולבלוטיק, סײַ שלאַנק. מערי האָט געהאַט ——— ווי טאַקע האָט זי אויסגעזען? ער געדענקט, ער איז געווען פאַרבליפט ווען זי האָט זיך אויסגעטאָן. וואָס האָט אים אַזוי פאַרבליפט? ניין, ניין, דאָס איז נישט מערי! פאַר וואָס געדענקט ער דעם אויסזען פון יענער אָפּגעפּאָרענער זונה וואָס האָט צוגעגנבעט זײַן בײַטעלע, און פאַר וואָס קאָן ער נישט אויפלעבן יענע שעה מיט מערין? נישט איר אויסזען, נישט אירע צערט־לעכקייטן קאָן ער צוריק אַרויסרופן. קום צוריק, מערי. צי דו עקסיסטירסט, אָדער ביסט נאָר אויסגעטראַכט, קום צוריק צו מיר. כ׳קאָן נישט אײַנשלאָפן אָן דיר. כ׳דאַרף דיך ווי דאָס לעבן, כּדי צו זאַמלען די שלאָפּפּילן און קאָנען שטאַרבן.

אַהאַ, ס׳איז יאָ געווען אַ מערי! ער האָט נישט געהאַט גענוג געלט מיט

זיך. ער האָט צום מזומן אויך איר געגעבן אַ טשעק. אַ טשעק אויסגעשטעלט צו מערין —— ניין, נישט צו איר נאָמען. דער טשעק איז געווען אויסגעשריבן צו „קעש״, מזומן, אָבער זי האָט דעם טשעק אינדאָרסירט. ער האָט דאָך דעם באַצאָלטן טשעק.

ווו האָט ער אַ טשעק? ער האָט דען עפּעס פון זײַנע זאַכן? ער מוז שרײַבן צו בערנאַרדן אים צו שיקן דעם טשעק. אַז ער וועט האַלטן פאַר די אויגן דאָס פּאַפּירל מיט איר אונטערשריפט, וועט צוריקקומען איר געשטאַלט. זי האָט געטראָגן אַ ווײַסן אוניפאָרם, זי איז געווען ———

איז זי טאַקע געווען?

ניין, ער וועט נישט פאַרניצן די שלאָפפּילן אַפּילו ער זאָל אין גאַנצן אַראָפּ פון זינען.

## XII

ווי אַזוי האָט דער גורל אים פאַרשיקט אין דעם פאַרשאָלטענעם אַמעריקע? ער האָט געקענט דײַטש גוט, ער האָט אויך געקענט אַ ביסל פראַנצייזיש; ענגליש האָט ער גאָר נישט געקענט. פאַר וואָס עפּעס אַמעריקע? באַלעק איז דאָך געווען דער מאַמעס זונדל, פאַר וואָס האָט זי נישט געשיקט איר ליבלינג באַלעק?

יאָ, עס איז געווען די מאַמע וואָס האָט אים געשיקט קיין ניו־יאָרק. זי האָט געהאַט אַ פּאַציענט וואָס איז געווען אַ פאַבריקאַנט פון פאַרמאַצעווטישע אויסאַרבעטונגען. יענער האָט איר צו ערשט געהאַט דערציילט, אַז ער גרייט זיך פאָרן צו דער וועלט־אויסשטעלונג אין ניו־יאָרק, און בײַ אַ צווייטן וויזיט איר געזאָגט, אַז ער קאָן נישט פאָרן מחמת זײַן ווײַב איז קראַנק געוואָרן. איז דער מאַמען אײַנגעפאַלן ער, לעאָן, זאָל פאָרן אויף יענעמס אָרט. יאָ, מיט דעם געראָט ער טאַקע אַרײַן אין דער מאַמען: אַז עס איז איר עפּעס אײַנגעפאַלן, עס האָט געמעגט זײַן די ווילדסטע אידיי, איז זי געלאָפן ווי משוגע און נישט גערוט ביז זי האָט עס אַדורכגעפירט.

עס איז שווער געווען צו באַקומען אַ טוריסטן־וויזע קיין אַמעריקע. זיי האָבן זיך נאָר געשראָקן, אַז דער טוריסט וועט נישט וועלן צוריקפאָרן. אַבי בעדער טוריסט האָט איבערגעלאָזט אין דער היים אַ ווײַב מיט קינדער,

גרויסע געשעפטן. ער האָט גאָר וואָס געהאַט באַקומען זײַן דיפּלאָם און נישט געהאַט אַ גראָשן זײַן אייגנס.

אַז די מאַמע האָט פאַרגעלייגט דעם פאַבריקאַנט, אַז איר זון וועט פאָרן אויף אייגענע הוצאות און אויספירן יעדע שליחות, וואָס האָט יענער דאָ געקאָנט אָנווערן?

ווי אַ שליח פון אַן עטאַבלירטער פירמע האָט ער נישט געהאַט קיין שוועריקייטן צו באַקומען אַ וויזע.

די מאַמע האָט דעמאָלט געזען, אַז ער זיצט גאַנצע טעג און נעכט אין זײַן צימער. „ס'איז אַזאַ וואַרעמער פרילינג, וואָס זיצסטו צווישן די פיר ווענט?" האָט זי געפרעגט.

„כ'לייען, מאַמושו, דו זעסט דאָך, אַז איך לייען".

„דו האָסט דאָך ליב דעם ,זאַמעק', מע קאָן לייענען אויך אויף אַ באַנק אין דעם ,זאַמעק־פּאַרק'".

„מע קאָן נישט צוגרייטן עקזאַמענס אויף אַ באַנק אין אַ פּאַרק".

דאָס איז געווען אַן אויסרייד. ווען ער האָט זיך דערוווּסט וועגן זאַשאַן מיט באַלעקן, האָט ער שוין געהאַט פאַרענדיקט אַלע זײַנע געשריבענע עקזאַמענס. ער האָט נאָך געדאַרפט אַדורכגיין טייל עקזאַמענס בעל־פּה, אָבער ער האָט זיך בכלל נישט געגרייט צו זיי. ער האָט געלייענט ביליקע דעטעקטיוו־ראָמאַנען, און די מאַמע האָט עס געוווּסט.

אַז ער קוקט הײַנט צוריק צו יענער צײַט, מוז ער מודה זײַן, אַז אויף וויפל דאָס פאַרלירן זאַשאַן האָט אים צעטרייסלט, האָט עס אים נישט דערשלאָגן. אפשר איז ער גאָר נישט געווען אַזוי שטאַרק פאַרקאָכט אין איר אײדער זי איז אַוועק פון אים, אפשר — — — אפשר וואָלט ער זי פאַרלאָזט אויב זי וואָלט נישט אים פאַרלאָזט פריִער. ס'קאָן זײַן, אַז עס איז געווען קינאה, פּשוטע קינאה אויף באַלעקן. דאָס איז געשען קעגן ביידנס ווילן, האָט באַלעק אים געזאָגט. „מיר האָבן זיך פאַרלוירן, עס זענען פאַראַן קאָנסעקווענצן און איך מוז זי מאַכן פאַר מײַן ווײַב".

אַז ער איז געווען אין כעס אויף זיך פאַר וואָס ער האָט זיך נישט פאַרלוירן, ווי האָט ער געקאָנט האָבן טענות צו באַלעקן וואָס ער האָט זיך יאָ פאַרלוירן?

עס האָט גענומען נאָר אַ קורצע צײַט און ער איז געקומען צו זיך. ער האָט זיך צוריקגעקערט צו זײַן שטודירן און האָט אויסגעהאַלטן די לעצטע עקזאַמענס. און דעמאָלט האָט ער באַקומען דעם אמתן קלאַפּ. דאָס יונגע פּאָרל באַלעק און זאַשאַ זענען געקומען צו זײַן גראַדויִרונג. ווען זאַשאַ האָט אים גראַטולירט און געדריקט די האַנט האָט ער געדענקט נישט צו שטאַרק צו שאָקלען איר האַנט, עס קאָן איר נאָך שאַטן. „מע זעט עס גאָר נישט אָן אויף זאַשאַן", האָט ער געזאָגט באַלעקן און באַלעק האָט אים געענטפערט, אַז עס איז שוין נישטאָ וואָס עס זאָל זיך אָנזען.

ערשט דעמאָלט איז אים באַפאַלן דער חשד, אַז די גאַנצע מעשׂה מיט די „קאָנסעקווענצן" איז געווען אַ כיטרער ליגן צו פאַרמאַכן זײַן מויל. „דעם אידיאָט לעאָן קאָן מען אַלץ אײַנרעדן", און ער איז דאָך טאַקע געווען אַן אידיאָט און געגלייבט. די טראַגעדיע אין זײַן לעבן וואָס האָט זיך גערופן „זאַשאַ" איז געווען, נישט וואָס אַ מויד מיט אַזאַ נאָמען האָט אים אָוועקגע־וואָרפן, נאָר וואָס זי, צוזאַמען מיט זײַן פײַן ברודערל, האָבן געמאַכט פון אים ס'געניאַר. נאָך דעם ווי ער האָט דערזען די אָפּנאַרערײַ, האָט ער אַפילו נישט געלייענט קיין דעטעקטיוו־ראָמאַנען. ער איז געלעגן אויף זײַן בעט מיט אָפענע אויגן און געגלאָצט צום באַלקן. „דעם לעמעשקע לעאָן קאָן מען אײַנרעדן אַ לונג־און־לעבער אויף דער נאָז". האַ ? אַזוי האָט איר געמיינט ? אָבער איך בין פון אָנהייב אָן געווען אַ מבין אויף אײַערע ליגנס. איך האָב נאָר געוואַרט, איר זאָלט זיך ביידע פאַרדרייען אין אַלץ מער ליגנס, כּדי מײַן האַרץ זאָל נישט ווייך ווערן און איך זאָל קאָנען מיט אַ זיכערער האַנט אײַך ביידן באַצאָלן וואָס אײַך קומט". פּאַף! פּאַף! און ביידע פאַררעטערס ליגן אויסגעצויגן בײַ זײַנע פיס.

ניין, ער האָט עס נישט געזאָגט, פּונקט ווי ער האָט נישט געשאָסן „פּאַף, פּאַף". ער האָט אַפילו נישט געהאַט קיין רעוואָלווער און האָט בכלל נישט געקאָנט שיסן ; מע האָט אים באַפרײַט פון פריזיוו, מחמת צוליב זײַן קורצ־זעיִקייט האָט ער נישט געקאָנט צילן, אָבער נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דאָס שיסן איז פאָרגעקומען נאָר אין זײַן דמיון, האָט עס אַ ביסל געקילט דעם גיהנום אין זײַן האַרץ.

## XIII

ווען די מאַמע איז צו אים געקומען מיט דער פּראָפּאָזיציע ער זאָל פאָרן קיין ניו־יאָרק צו דער וועלט־אויסשטעלונג, האָט ער נישט געוואָלט הערן דערפון. ווי אַלע מאָל, האָט די מאַמע אויסגעפירט. „די נסיעה וועט דיך אָפּשפּאַנען", האָט זי געזאָגט. די נסיעה האָט אים נישט אָפּגעשפּאַנט. עס האָט געטראָפן מער ווי איין מאָל, ער איז געשטאַנען אויף דער דעק פון דער שיף ביים באַריער, געקוקט אין די שפּרינגענדיקע כוואַליעס און עס האָט אים אַ ציִ געטאָן אַריינצושפּרינגען אין די כוואַליעס. אָבער ביי אים איז אַלע מאָל פון טראַכטן ביז טאָן אַ ווייטער מהלך. ער איז דעמאָלט געוואָרן אַ גאַנצער פילאָסאָף. אויב ער קאָן אין איין רגע, אין יעדער רגע, באַשליסן צו לאָזן דאָס גאַנצע מיזעראַבעלע לעבן הינטער זיך, און קאָן עס תּיכף אויס־פירן מיט איין שפּרונג איבערן באַריער, איז עס דאָך נישט, ווי ער האָט געמיינט, אַ מצב אָן אַן אויסוועג. מיינט דאָס דאָך, אַז זיין גורל ליגט אין זיינע אייגענע הענט, טאָ וואָס איז די איילעניש? ער וועט פריִער זען אַמע־ריקע, זען אַ וועלט־אויסשטעלונג, און אויפן וועג צוריק וועט ער טאָן וואָס מע דאַרף...

טאַקע, ער פאַרט דאָך אין שליחות פון אַ פאַרמאַצעווטישער אונטער־נעמונג אין לעמבעריק, ער האָט גענומען אויף זיך צו מאַכן פאַרבינדונגען און שיקן אַ באַריכט. ער, לעאָן, איז נישט בערנאַרד. ער איז אַן ערלעכער און אַחריותדיקער מענטש. ער, אַז ער נעמט עפּעס אויף זיך, פירט ער עס אויס מיט דער פולער אַחריות...

ער האָט זיך געשפּייזט מיט נאַרישע תּירוצים, אָבער נאַרישקייט האָט, ווייזט אויס, אַ כּוח. נישט ווייט פון אים ביי דעם באַריער איז געשטאַנען אַ מיידל. ער האָט זי שוין זיכער דאָ געזען מער ווי איין מאָל, איר פּנים איז אים אויסגעקומען באַקאַנט. ביז איצט האָט ער געקוקט אויף איר ווי אויף אַ וואָלקן וואָס שוועבט פאַרביי. די אויגן זעען, אָבער רעגיסטרירן עס נישט. פאַר וועמען האָט ער געדאַרפט אַ פּוילן אויסרייד ער זאָל מעגן רעדן צו אַ מיידל? ער קאָן טאָן מיט אַ מיידל וואָס נאָר ער וויל, און זיינע טענות צו זאָשאַן זאָלן נישט געמינערט ווערן אויף אַ האָר. ער מוז נישט דווקא

וויינען און זי פּײַנט האָבן, ער קאָן הוליען און לאַכן און טאַנצן און זי גאָך אַלץ פּײַנט האָבן, זי און איר מאַן, זײַן ברודערל באַלעק.

עס איז אים נישט אָנגעקומען לײַכט צו פאַרבינדן מיט איר אַ שמועס. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט מיט זײַן פאַמיליען־נאָמען, און טאַרנאָווסקי קלינגט פּויליש. היות ער זעט אויך נישט אויס ווי קיין ייִד, האָט זי אַוודאי געמיינט אַז ער איז אַ גוי, און די ייִדישע מיידלעך אין פּוילן האָבן מורא פאַר אַ שגץ. ער האָט אַ גרונט חושד צו זײַן, אַז דאָס האָט גורם געווען איר צוריקגעהאַלטנקייט, ווײַל ווי נאָר ער האָט איר געזאָגט אַז זײַן ערשטער נאָמען איז לעאָן, האָט ער געקאָנט זען ווי איר געשפּאַנטקייט האָט נאָכ־געלאָזט. זעלטן אַ פּאָליאַק זאָל זיך רופן „לעאָן".

יאָ, זי איז געווען אַ ייִדישקע. איר פּנים איז געווען טיפּיש־ייִדיש, אַפילו אירע ניקן און מאַנעריזמען זענען געווען טיפּיש־ייִדיש, כאָטש זי איז נישט געווען קיין מיאוסע, ווײַט נישט מיאוס. געהייסן האָט זי יודעלעוויטש, און אויב דאָס איז נישט געגוג, איז איר ערשטער נאָמען געווען יענטאַ.

אין דער היים וואָלט דער בלויזער נאָמען גענוג געווען, ער זאָל אַנטלויפן אַ מײַל ווײַט. וואָס האָט אים דאָ באַוועגט ער זאָל זוכן איר באַקאַנטשאַפט? ביז דער רגע האָט ער אויסגעמיטן מענטשן; פּלוצלינג איז אים קלאָר גע־וואָרן, אַז ווײַט פון דער היים צווישן הימל און וואַסער דאַרף אַ מענטש האָבן מיט וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט און עס איז גאָר נישט קיין חסרון, וואָס דער עמעצער איז אַ מיידל און אַ שיינינקע דערצו.

יענטאַ האָט אים דערמאָנט אין זאָשאַן ווײַל זי איז געווען דער היפּוך פון איר. זאָשאַ איז העכער ווי מיטלוווקס, קאָרפּולענט, הויכברוסטיק און גייט מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ ווי די וועלט וואָלט געהערט צו איר. יענטאַ איז געווען אַ פּיצעלע יענטאַלע, קליין, שמאָלבייניק און אַ ביוסטל ווי אַ מיידעלע וואָס הייבט ערשט אָן צײַטיק ווערן. זאָשאַ איז שטרוי־בלאָנד, האָט בלויע אויגן און אַ הויט ווי מילך מיט שמאַנט; יענטאַ — טונקל־ברוינע האָר, טונקל־ברוינע אויגן, און איר הויט — אַ ברוין וואָס איז געוואָרן גרינלעך ווען זי איז בלאַס געוואָרן. זאָשאַ האָט געקוקט אויף אַלעמען אַרויסרופעריש, אַפּלאָכעריש; יענטאַ — שעמעוודיק, אַפּאָלאָגעטיש. נאָר מיט אַזאַ ווי יענטאַ קאָן אַ מאַן אויסלעבן זײַנע יאָרן אין מנוחה. אָבער — — — ווי קאָן אַ מיידל,

געבוירן און דערצויגן אין פוילן, רעדן פויליש מיט אזא פרעמדן אקצענט? ווי קאן א קלוג מיידל אין צוואנציקסטן יארהונדערט פאסטן א לאנגן זומער־טאג, ווייל אין ערשטן יארהונדערט האבן די רוימער אין דעם טאג צעשטערט די מויערן פון ירושלים?

ווי ער פרוווט זיך דערמאנען אלץ וועגן יענטאן, בליצט אין אים אויף א געדאנק: האט ער זיך פארליבט אין זאשאן טאקע ווייל זי איז געווען דרייסט און חוצפהדיק, ווייל זי האט געוווסט געגוי וואס זי האט ליב און וועמען זי האט פיינט? האט ער זי באוווּנדערט ווייל זי איז נישט געווען ווי א בלעכערנער האן אויפן דאך, וואס דרייט זיך ווּהין דער ווינט בלאזט אים? האט ער זי ליב געהאט ווייל זי איז געווען דאס וואס ער האט געוואלט זיין און נישט געקאנט? האט ער זי איצט פיינט איבער די זעלביקע מאטיוון, איז עס קינאה וואס פרעסט אים אויף?

ער האט דאך געהאלטן אין מיטן טראכטן וועגן יענטאן; וואס האט עפעס זאשא זיך אריינגעריסן אין דער מיט. איצט וויל ער טראכטן וועגן יענטאן און נישט וועגן——— וועגן קיינעם נישט, נאר וועגן יענטאן.

יא, זי האט גערעדט פויליש מיט אן אקצענט, אבער איר פויליש איז געווען גוט. זי האט נישט פארענדיקט גימנאזיע אבער איז געווען אנגע־לייענט, און פוילישע ליטעראטור האט זי געקענט בעסער פון אים. דער אמת איז, אז אויך ענגליש האט זי געקענט מער פון אים. וואס איז דער ווונדער? זי איז געקומען ווי אן אימיגראנטקע און לאנג זיך געגרייט צו דער נסיעה, אבער אים, האט צוויי חדשים פאר דעם ארויפגיין אויף דער שיף, אפילו נישט געחלומט אז ער וועט א מאל פארן קיין אמעריקע.

יא, זי איז געווען א שעמעוודיקע. די קאלירן אויף איר פנים האבן זיך געביטן ביי יעדער קלייניקייט. זי איז נישט געוווינט געווען צו דער געזעלשאפט פון מענער, אפילו פון איר אייגענער משפחה. איר מאמע איז געווען דעם טאטנס צווייטע ווייב און א סך יינגער פון אים. דער טאטע איז געווען אן אלטער מאן און געהאט אין אמעריקע זין פון ערשטן ווייב, וואס זענען שוין געווען באלד אזוי אלט ווי איר מאמע. טאקע די ברידער האבן זי אריבערגענומען קיין אמעריקע, זיי האבן שוין געהאט קינדער אין יענטאס עלטער.

די ברידער האָבן געוואָלט, אַז אויך דער טאַטע מיט דער שטיפמאַמע זאָלן קומען, אָבער דער טאַטע האָט נישט געוואָלט, ער האָט געזאָגט אַז אין אַמעריקע קאָן מען נישט גוט אָפּהיטן יידישקייט.

איז נישט רעליגיע אַ פּריוואַטע זאַך? פאַראַן גענוג סינאַגאָגעס אין אַמעריקע און ווער עס וויל אָפּהיטן יידישקייט, וועט אים קיינער נישט שטערן. ווער עס זאָגט, אַז אין אַמעריקע קאָן מען נישט אָפּהיטן רעליגיע, האָט אַ מיסקאָנצעפּציע וועגן אַמעריקע. נאָר, וואָס האָט ער איצט טענות צו יענטאַס פאָטער?

## XIV

ער האָט אַוודאי געוואָלט איבערצייגן זיך אַליין, אַז ער איז נישט אַזאַ שלימזל ווי זאַשאַ מיינט. און אין איינעם אַן אָונט ווען ער איז געווען אויף דעם דעק מיט יענטאַן, האָט ער אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף איר אַקסל. זי האָט זיך אַזוי צעפּלאַטערט, אַז ער האָט מורא געהאַט זי זאָל נישט אָוועק־חלשן.

אַזוי דאַרף זיין אַ פרוי! ווען אַ פרוי פּראָוואָצירט דעם מאַן נאָר כּדי צו קוקן אויף אים מיט חוזק, פון אַ ווינקלאויג, איז עס — — — ווו שטייט עס געשריבן, אַז חוצפּה און צינישקייט איז מענלעך, און פאַר וואָס טאָר אַ מאַן נישט זיין סענטימענטאַל? פאַר וואָס איז עס אַ חרפּה צו זיין שעמעוודיק?

זאַשאַס חוזק האָט אים נאָך געפּרעסן ווי זשאַווער. ביי נאַכט אויף זיין געלעגער האָט ער זיך צוגעזאָגט צו ווערן ווי באַלעק. נעמען פון לעבן וואָס עס לאָזט זיך, וויפל עס לאָזט זיך. נישט נעמען, נאָר כאַפּן און אַריינכאַפּן. די יענטאַ האָט איר חן און אַזאַ ווי זי וועט זיין אַ לייכטער קרבן. נאָך אין לעמבעריק האָט ער געהערט, אַז דווקא די טעכטער פון פרומע הייזער, ווו זיי זענען איזאָלירט פון מענער־געזעלשאַפט, דווקא זיי האָבן אַ שוואַכקייט צו פאַרפוילישטע סטודענטלעך, און אַפילו צו שקצים. איידער יענטאַ וועט זיך כאַפּן וואָס עס געשעט, וועט עס שוין האָבן געשען, און ער וועט האָבן איינגענומען זיין ערשטע פעסטונג. נאָכן ערשטן סוקצעס וועט ער האָבן מער גלויבן אין זיך און מער זיכערקייט, ער וועט — — —

ביי נאַכט האָט ער צוגעטראַכט אַ גאַנצע סטראַטעגיע ווי אַזוי עס אויסצופירן. ביי טאָג איז געקומען אַ ניכטערער געדאַנק: לעאָן, דו קענסט זיך דאָך. דו ביסט לעאָן, און נישט באַלעק. אַז דו וועסט זיך אַריינדרייען, וועסטו זיך שוין נישט אַרויסדרייען. הייב נישט אָן מיט איר, אויב דו ביסט נישט גרייט צו בלייבן מיט איר. און אַזוי איז עס געשען, אַז וואָס מער היימיש זי איז געוואָרן מיט אים, אַלץ מער האָט ער זיך צוריקגעהאַלטן. דער אַטלאַנטיק ווערט גערופן דער גרויסער ים, אָבער אויך דער אַטלאַנטיק האָט ברעגעס, און איידער וואָס איידער ווען, האָט די שיף געאַנקערט אין ניו-יאָרק. יענטאַ האָט באַדאַרפט אַדורכגיין אַ גאַנצע פּראָצעדור פאַר אימיגראַנטן. אַ פאַרשטייער פון אַ יידישער אימיגראַנטן-הילף-אָרגאַניזאַציע איז אַרויפגעקומען אויף דער שיף. איידער יענטאַ איז אַוועק מיט דעם אימיגראַציע-מענטש, איז זי צוגעקומען זיך געזעגענען און אים געגעבן אַ טעלעפאָן-נומער פון אירס אַ ברודער, ווו ער וועט זיך קאָנען פאַרבינדן מיט איר.

## XV

ער האָט זיך נישט פאַרבונדן מיט איר. אַז מע דאַרף אויסבייטן פּוילישע זלאָטעס אויף דאָלאַרן ווערט פון אַ סך געלט אַ ביסל. ווען ער האָט געדאַרפט עפּעס קויפן און געמוזט באַצאָלן מיט דאָלאַרן, האָט ער געהאַלטן אין איין אויסרעכענען וויפל עס מאַכט אויס אין פּוילישע זלאָטעס. אַפילו אַ זעמל מיט אַן איי האָט געקאָסט אַ פאַרמעגן אין פּויליש געלט. ער איז אַרויס פון דעם ביליקן האָטעל און געדונגען אַ צימער ביי אַ משפּחה און אַפילו דאָס האָט געקאָסט אַ סך מער ווי אַ האָטעל אין פּוילן. ווי האָט ער געקאָנט אין אַזאַ מצב טראַכטן וועגן אַ מיידל וואָס ער וועט זי דאַרפן נעמען אין אַ קינאָ און פאַרלייגן צו טרינקען קאַווע אין אַ קאַפעטעריע. ער וועט סיי ווי באַלד דאַרפן צוריקפאָרן אַהיים; צו וואָס פאַרדרייען זיך אַ קאָפּ מיט אַ מיידל?

ער האָט נישט געהאַט קיינעם אין ניו-יאָרק און ער האָט קיינעם נישט געדאַרפט. נאָך איידער ער האָט עפּעס געזען אויף דער אויסשטעלונג, האָט ער זיך באַמיט אויסצופירן די שליחות פון לעמבעריק. ער האָט טאַקע געפונען אַ ניו-יאָרקער פירמע וואָס האָט אַרויסגעוויזן אינטערעס אין עפּעס

וואָס מע האָט פּראָדוצירט אין לעמבעריק; יענע זענען אויך געווען וויליק צו שליסן אַן אָפּמאַך וועגן פּראָדוצירן זייערס אַ פּאַטענט אין פּוילן. ערשט נאָך דעם ווי ער האָט אָוועקגעשיקט אַ באַריכט קיין פּוילן, האָט ער געהאַט צײַט צו גיין זען פּאַווילאָן נאָך פּאַווילאָן, ווי די אַנדערע טוריסטן.

עס איז געווען וואָס צו זען, און ווי זײַן שטייגער האָט ער עס געטאָן מעטאָדיש און מיט אַ סדר. אין אָוונט איז ער געזעסן איבער די פאַרשידענע קאַטאַלאָגן און בראָשורן, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך, און אויסגעפּלאַנט דעם מאָרגנדיקן טאָג. ער איז געווען בײַם טויער פון דער אויסשטעלונג ווי נאָר מע האָט עס געעפנט און געבליבן אַזוי לאַנג ווי מע האָט נאָר געקאָנט. ווען עפּעס האָט אים פאַרכאַפּט אין אַ פּאַווילאָן און ער איז געבליבן לענגער ווי פאָרויסגעזען, האָט ער געשניטן די צײַט פון וויזיט אין אַן אַנדערן פּאַ־ווילאָן. אַז ער וועט נישט באַוויַיזן עס צו מאַכן בקיצור, וועט ער דאַרפן שרײַבן אַהיים, די מאַמע זאָל אים שיקן מער געלט.

## XVI

ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג האָט אַ בייזער געדאַנק אַרײַנגעבליצט אין זײַן קאָפּ און זיך דאָרט פאַרטשוואָקעוועט. ער איז גראָד געווען אין פּערסישן פּאַווילאָן און עס איז דאָרט געווען וואָס צו זען, אָבער זײַן קאָפּ איז מער נישט געווען בײַ דער אויסשטעלונג. אויב דאָס געטרײַע מאַמעלע האָט אים פאַרשיקט קיין ניו־יאָרק נאָר כּדי ער זאָל מיט זײַן זויער פּנים נישט קאַליע מאַכן די האָניק־חדשים בײַם יונגן פּאָרל, אויב זי איז אויסן געווען נאָר — — — זינט ווען איז זי דאָס געוואָרן אַזוי גוט און געטרײַ צו אים? באַלעק איז געווען איר ליבלינג, און פאַר לעאָנען האָט זי געהאַט נאָר קריטיק. ערשט מיט אַ האַלב יאָר צוריק, ער האָט געהאַט שווערע עקזאַמענס, ער איז נאָך דעמאָלט אַרומגעגאַנגען מיט זאָרגן און נישט געקאָנט אויסקומען מיטן טאַשנגעלט וואָס די מאַמע האָט אים געגעבן. ער האָט געבעטן אַ הוספה און זי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו דערלייגן אַ גראָשן. פּלוצלינג גיט זי אים הונדערטער דאָלאַר אויף אַ לוסטרײַזע. ניין, זי וואָלט עס קיין מאָל נישט געטאָן פאַר אים, זי האָט אים אָוועקגעשיקט כּדי ער זאָל

נישט קאַליע מאַכן דאָס גליק ביי די „קינדער", ווי זי האָט זיי גערופן.

ער האָט איבערגעלאָזט דעם פּערסישן פּאַווילאָן, איבערגעלאָזט די גאַנצע אויסשטעלונג און צוריקגעפאָרן אין שטאָט אַריין. ער איז אַריינגעפאַלן אין שיפּביוראָ אָן אָטעם. „ווען פאָרט די ‚באַטאָרי' צוריק קיין גדיניע?"

„היינט".

„זאָל זיין היינט, איך מוז צוריקפאָרן".

זיי האָבן באַטראַכט זיין בילעט. ער האָט טאַקע געהאַט אַ רעזערוואַציע אויף דער „באַטאָרי", אָבער נישט אויף היינט, נאָר אויף דער קומעדיקער נסיעה.

„עפּעס איז געשען אין דער היים, אַ משפּחה־ענין, איך מוז שוין צוריק־פאָרן".

„היינט איז נישט מעגלעך".

„כ'בין גרייט צו שלאָפן אין אַ קאָרידאָר".

„נישטאָ קיין פּלאַץ אַפילו פאַר אַ קאַץ".

„כ'מוז שוין צוריקפאָרן, כ'מוז!"

דער באַאַמטער איז געוואָרן פריינדלעך. ער האָט דערקענט אין זיין פּנים, אַז עס איז אַ קריטישע זאַך, האָט ער טעלעפאָנירט צו איין געזעלשאַפט, צו אַ צווייטער, ביז ער האָט געפונען פאַר אים אַ פּלאַץ אויף אַ שיף וואָס שווימט אָפּ אין דריי טעג אַרום קיין דענגאַל, אין אירלאַנד. פון דאָרט איז לייכט צו קומען קיין בעלפאַסט, און פון בעלפאַסט קיין לאָנדאָן איז שוין נישט קיין פּראָבלעם. פון לאָנדאָן זענען פאַראַן טעגלעכע פאָרן קיין קאַלעי, לע האַוור, ראָטערדאַם און אַמסטערדאַם, און פון דאָרט קאָן ער שוין פאָרן מיט דער באַן ביז אַהיים.

„גוט, איך נעם עס".

עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט ווען ער האָט זיך געכאַפּט, אַז מיט זיינע באַגרענעצטע פאַר דאָלאַר טאָר ער זיך נישט אַרויסלאָזן אויף אַזאַ אַוואַנטורע. ווען ער איז צו מאָרגנס צוריקגעקומען אין דער פאַרביוראָ, האָבן זיי שוין געהאַט אַוועקגעגעבן זיין רעזערוואַציע אויף דער קומעדיקער צוריק־נסיעה פון דער „באַטאָרי". זיי האָבן אים געעצהט זיך צו ווענדן צום פּוילישן קאָנסול, דער קאָנסולאַט האַלט אַ סך רעזערוואַציעס אויף דער שיף,

זיי קאנען אים העלפן, בפרט ווען עס איז אן „עמוירדזשענסי”, א נויטפאל.

ער איז געגאנגען אין פוילישן קאנסולאט. ער האט נישט געוווסט ווי אזוי זיי צו געבן צו פארשטיין, אז עס איז טאקע א נויטפאל. זיי האבן אים געפרעגט וועגן זיין מיליטערישן סטאטוס, געהערט אז ער איז פון קאטע־גאריע „בע”, האבן זיי אים געזאגט, אז ווען א מלחמה קאן אויסברעכן יעדן טאג, מוזן זיי קודם־כל אהיימשיקן די וואס דארפן זיך צושטעלן אין מיליטער.

נאך א סך ארומלויפן האט ער קוים באקומען א פלאץ אויף א שיף וואס האט געזאלט אפשווימען קיין גדיניע ערשט אין אקטאבער. די פאר־ביורא האט גענומען אויף זיך צו פארלענגערן זיין וויזע און אים געטרייסט, אז ער וועט נאך אנקומען קיין פוילן אויף דעם נאציאנאלן יום־טוב דעם עלפטן נאוועמבער.

א נייעס אז היטלער סטראשעט מיט מלחמה? זינט ער איז געקומען צו דער מאכט, מיט זעקס יאר צוריק, האלט ער אין איין סטראשען מיט מלחמה. עס מוז זיין קלאר פאר די דייטשן, ווי עס איז קלאר פאר דער וועלט, אז די מעשה טשעכאסלאוואקיי וועט זיך נישט איבערחזרן אין פוילן. די וועלט איז מיט פוילן, און היטלער וועט זיך נישט אריינלאזן אין א מלחמה מיט ענגלאנד און פראנקרייך, און מיט דער גאנצער וועלט. די צייטונגען האבן אזוי געשריבן און ער האט עס געוווסט נאך איידער ער האט עס געלייענט אין צייטונגען, היטלער קאן איצט סטראשען די גענדז; נישט ער וועט באקומען א שטיק פוילן, נישט עס וועט זיין א מלחמה.

ער האט ווייטער געזען די אויסשטעלונג. געוואלד וואס פארא וווּנדער־לעכע זאכן ער האט דארט געזען, אבער ער האט מער נישט געהאט דערפון קיין הנאה. מע האט אים ארויסגענארט פון פוילן און קיינער קאן נישט פארטראגן, אז מע מאכט אים צו נאר, אפילו נישט — — — אוודאי נישט ווען דאס טוט די אייגענע מאמע.

## XVII

מלחמה? ווי קאן דאס זיין? וואס עפעס פלוצלינג? וועט מען באווייזן אוועקצולייגן היטלערן אין די עטלעכע וואכן וואס זענען געבליבן ביזן אפ־

פאָרן פון זײַן שיף? דעם עלפטן נאָוועמבער וועט ער שוין אין דער היים נישט זײַן. כּדי די שיף זאָל אָפּשווימען סוף אָקטאָבער קיין גדיניע, דאַרף זי דאָך קאָנען קומען פון גדיניע קיין ניו־יאָרק.

געוואַלד וואָס ער האָט זיך אָנגעליטן איבער זײַן קורצזיכטיקייט און איבער זײַן טראָגן ברילן. „פּיראַויגיקער" איז געווען זײַן צונאָמען אין שול. ווען ער איז אונטערגעוואַקסן, האָבן אים אַלע געהאַלטן פאַר אַ פּחדן, אָבער ער האָט אויסגעמיטן אַ געשלעג נאָר ווײַל ער האָט מורא געהאַט פאַר זײַנע ברילן. איצט איז כאָטש אַרויסגעקומען אַ גוטע זאַך דערפון. זאָל באַלעק גיין אין מלחמה אַרײַן. ער ווינטשט באַלעקן נישט קיין שלעכטס, נאָר אויב ער וועט צוריקקומען פון פראָנט אָן אינוואַליד, האָט ער אָן עלטערן ברודער וואָס וועט אים העלפן... יאָ, עס וואָלט געקילט זײַן האַרץ צו קאָנען זײַן, נישט זייער קרבן, נאָר זייער בענעפאַקטאָר.

אוי, ערשט איצט זעט ער אײַן, אַז טאַקע איבער די ברילן האָט ער אָנגעוווירן זאָשאַן. דעמאָלט צווישן די קזשאַקעס אויפן „זאַמעק" ווען ער האָט אָנשטאָט נעמען זי, גאָר גענומען ציטערן מיט הענט און פיס, דעמאָלט איז נישט געווען די ערשטע פאַרשפּילטע געלעגנהייט מיט זאָשאַן. בײַם פּריערדיקן מאָל איז עס אויך געווען אויפן זעלביקן אָרט, אין די זעלביקע קזשאַקעס. איצט, ווען ער דערמאָנט זיך דאָס, פאַרשטייט ער זי נאָך ווייניקער. דעמאָלט בײַם ערשטן מאָל האָט ער זי אָנגעגריפן און נישט אָפּגעלאָזט, נישט געקוקט אויף דעם וואָס זי האָט זיך אָפּגעוועדט. אויב דאָס איז וואָס געפעלט איר, פאַר וואָס האָט זי זיך אַזוי שטאַרק געראַנגלט מיט אים אַז זײַנע ברילן זענען אַראָפּגעפאַלן? „ריר זיך נישט פון אָרט!" האָט ער אַ געשריי געטאָן צו איר, גענומען קריכן אויף אַלע פיר, ווי אַ זשאַבע איז ער געשפּרונגען פון אָרט צו אָרט און אין דער פינצטער פון מיטנאַכט געטאַפּט אין גראָז צו געפינען די ברילן.

די ברילן האָט ער געפונען, זאָשאַן האָט ער פאַרלוירן, שוין דעמאָלט. זי האָט אָפּגעלאַכט פון אים און ער איז געווען צו להוט, צו פיל אָנגעשפּאַנט בײַם צווייטן מאָל, און אַרײַנגעפאַלן אין יענער פאַרשאָלטענער ציטערניש. אָבער פאַר וואָס האָט זי, בײַם צווייטן מאָל, בכלל זיך נישט אָקעגנגע־

שטעלט? בײַם ערשטן מאָל האָט זי אים געשטופּט און געוואָרפן און געפּאַטשט איבער די הענט, בײַם צווייטן מאָל האָט זי גענומען זײַן האַנט און אַרויפגע־לייגט אויף איר ברוסט. האָט זי געוווּסט אַז ער וועט דורכפאַלן און עס געטאָן אים נאָך מער צו דערנידעריקן?

געוואַלד און געשריגן: אין אַמעריקע פלעגט ער גאַנצע נעכט אויסמעסטן די גאַסן און אויסטרעטן די טראָטוואַרן ווען דער חשק צו אַ פרוי האָט אים דאַקוטשעט. ער איז דאָך געווען משוגע פאַר זאַשאַן און געברענט מיט באַגער צו איר; ווי אַזוי איז עס געשען, אַז אין מיטן פון אַ קאָנווולסיוון געראַנגל, וואָס ער וואָלט זיכער געווונען, האָט ער זי איבערגעלאָזט צוליב אַ נאַרישע פאַר ברילן?

די מאַמע האָט געוווּסט, אַז ער איז געגאַנגען מיט זאַשאַן צום זאַמעק. אויב ער וואָלט אַהיימגעקומען אָן ברילן———

צו אַל די שוואַרצע יאָר! באַלעק האָט גאָר נישט אַזוי געציטערט פאַר דער מאַמען ווי ער. ער געדענקט נישט באַלעק זאָל אַ מאָל האָבן עפּעס געטאָן פאַר דער מאַמען. ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהייט עפּעס צו טאָן פאַר איר, האָט ער אויסגעכאַפּט און געלאָפן און געטאָן, און באַלעק האָט נאָר געוואַרט, מע זאָל עס בײַ אים אויסכאַפּן. איז די מאַמע נישט געווען קיין מבינה אויף דעם?

אויב ער וואָלט אַהיימגעקומען אָן זײַנע ברילן, וואָלט די מאַמע געוווּסט אַז ער האָט זיך געראַנגלט מיט זאַשאַן. „ביג דיל" זאָגט מען אין אַמעריקע. די מאַמע איז נישט אַרויס פון די כּלים ווען זי האָט זיך דערוווּסט וואָס באַלעק האָט געטאָן מיט זאַשאַן און באַלעק האָט גאָר נישט קיין מורא געהאַט עס איר צו דערציילן. ער, לעאָן, האָט אַזוי מורא געהאַט פאַר דער מאַמען, אָדער געווען אַזוי להוט זיך אײַנצוקויפן איר ליבשאַפט, אַז——— אַז ———האָט ער ליב געהאַט די מאַמע מער ווי זאַשאַן?

זלידנע זכרונות טשעפּען זיך צו אים ווי זלידנע פליגן. אפשר דאָך אַראָפּשלינגען צוויי פון זײַנע אָפּגעשפּאַרטע טאַבלעטקעס? ער האָט דאָך זײַנע ברילן; ווען ער וועט מוזן מאַכן אַ סוף צו דעם אַלעם, קאָן ער עפּעס טאָן אויך מיט צעבראָכענע ברילנגלעזער...

ער האָט אין זײַן לעבן שוין געהאַט אַ סך נעכט אָן שלאָף, אָבער די

הײַנטיקע נאַכט איז אין גאַנצן אַנדערש פון אַלע אַנדערע נעכט. עס קריכן אַרויס און דעקן זיך אויף פאַר אים אַזוי פיל אמתן; אַלע באַגריפן װעגן זײַן לעבן קערן זיך איבער מיטן קאָפּ אַראָפּ און די פיס אַרויף, װי עמעץ װאָלט אַנגעשטעלט אַ רעפלעקטאָר אויף זײַן לעבן און געװאָרפן אַ שײַן אויף די װינקעלעך װאָס זענען אַלע מאָל געבליבן אין שאָטן.

װאָס עפּעס איז די הײַנטיקע נאַכט אין בײלינסאָן־שפּיטאָל אַנדערש פון אַלע אַנדערע נעכט? געשעט דאָס צו יעדן מענטשן װען עס דערנענטערט זיך זײַן סוף?

סוף צי נישט סוף, די אויגן ברענען, עס ברענט אין קאָפּ און ער טאָר נישט אויסנוצן זײַנע טאַבלעטן. ער טאָר אַפילו נישט בעטן אַ קאַלטן קאָמ־פּרעס אויפן קאָפּ, די קראַנקן־שװעסטער קאָן זיך נאָך כאַפּן אַז ער נעמט נישט די טאַבלעטן. אויב ער װאָלט געהאַט אַן אײגענעם——— אויב יענטאַ װאָלט געװען זײַן װײַב, װאָלט זי דאָ געזעסן בײַם בעט און געלײגט קאַלטע קאָמפּרעסן אויף זײַן קאָפּ, אויב יענטאַ——— אוי, געװאַלד, װאָס פאַר אַ אידיאָט ער איז געװען! דער ייִדישער נאָמען יענטאַ איז אים געװען דערװידער. ער װײסט איצט אַז דער נאָמען יענטאַ קומט פון „זשענטיל", װאָס מײנט „אײדל". אַן אײדעלער און שײנער נאָמען, אַן אײדל און שײן מײדל. ס'איז נישט געװען קײן ספק אַז ער געפעלט איר, און——— יענטאַ האָט אַזאַ קלינגעװדיק, אַזאַ חנעװודיק געלעכטערל. אַ מענטש װאָס קאָן אַזוי לאַכן———

ערגעץ אין זײַן געפּעק האָט ער נאָך אַ פאָטאָגראַפיע פון זיך װען ער איז געװען אַ קינד פון אַרום צװײ יאָר. אַ לאַכעדיק פּנימל, דעמאָלט האָט ער נאָך געקאָנט לאַכן מיט אַ קלינגעװדיק געלעכטערל. איז ער געװען אַ גליק־לעך קינד װײַל דעמאָלט האָט ער נאָך געהאַט אַ טאַטן, אָדער װײַל דעמאָלט האָט ער נאָך נישט געהאַט קײן ברודער? אַזאַ שײַנענדיק פּנימל, װי אַזוי װערט פון אַזאַ ליכטיקער פרישקײט אַ קנויל פאַרפּלאָנטערטע נערװן? אויב עס װאָלט נאָר געװען אַ מעגלעכקײט פון רעפּראָדוקציע אײדער מע װאַקסט אויף, װאָלט אפשר גלײַכער געװען, מענטשן זאָלן קײן מאָל נישט אויפ־װאַקסן און פאַרשעמען די תמימות פון זײערע קינדערשע יאָרן.

## XVIII

מע זאָגט, אַז ער האָט אַ חוש פאַר הומאָר. ווען איז זײַן הומאָר געוואָרן בײַסיק און מאַזאָכיסטיש? ווען האָט ער פאַרלוירן דעם טאַלאַנט אויסצוברעכן אין אַ געזונט, רעלאַקסירט, פרייִלעך געלעכטער. אַ געלעכטער אָן זאָרג און אָן געשפּאַנטקייט, אָן צו וואַרטן מיט פּחד ווי אַנדערע וועלן עס אויפֿנעמען און רעאַגירן דערצו?

צו ערשט האָט ער פאַרלוירן די מאַמע צו באַלעקן. דאָס קלײנע נפשל איז געלעגן אויף איר שויס, דאָס מײַלכל צוגעקלעפּט צו איר ברוסט. ער האָט פּראָבירט אַוועקרײַסן באַלעקן פון דער מאַמען, האָט זי געשריגן אויף אים, געשלאָגן אים איבער די הענט, אַוועקגעטריבן אין אַן אַנדערער שטוב און פאַרשלאָסן די טיר. יאָ, ווי נאָר באַלעק איז געקומען, איז צווישן אים און דער מאַמען געוועזן אַ פאַרשלאָסענע טיר.

עס קאָן נישט זײַן ער זאָל טאַקע געדענקען די סצענע. אפשר דאַכט זיך אים נאָר, אַז ער געדענקט עס. די מאַמע האָט עס דערציילט אַזוי פיל מאָל מיט אַזוי פיל פּרטים, האָט עס זיך אַזוי בילדעריש אַרײַנגעקריצט אין זײַן זכּרון. די מאַמע האָט דאָס איבערדערציילט יעדעס מאָל ווען זי האָט געוואָלט באַווײַזן, אַז ער איז אַ שרעקלעכער בעל־קינאה. אָבער ער געדענקט עס מיט מער פּרטים ווי די מאַמע האָט עס דערציילט. דעם טאַטן געדענקט ער נאָר ווי ער האָט אים געזען אויף פאָטאָגראַפיעס. אָבער יענע סצענע — ער געדענקט ווי ער איז געלעגן אויף דער ערד אויף יענער זײַט טיר און געטופּעט מיט די פיסלעך, ער קאָן נאָך איצט הערן דעם קריץ פון שליסל אין דער טיר. דער שליסל האָט געקריצט אינעווייניק און ער איז געבליבן אין דרויסן.

דער טאַטע איז אַוועק פון הויז און מער נישט צוריקגעקומען.

צו ערשט האָט ער פאַרלוירן דעם טאַטן צו דער מלחמה, דערנאָך האָט ער פאַרלוירן די מאַמע צו באַלעקן, און צום סוף פאַרלוירן זאַשאַן, ווידער אַ מאָל צו באַלעקן. אין לעבן איז עס אַזוי: אַ מאָל געווינט מען, אַ מאָל פאַרלירט מען. אָבער ער האָט אַלע מאָל פאַרלוירן, ער איז געבוירן געוואָרן אַ פאַרלירער.

## XIX

עפּעס איז געשען צו אים די היינטיקע נאַכט. אַ נס? די צרות האָבן ווי שפּינען פאַרוועבט זיין מוח אין טונקעלע שפּינגעצן. דורך אָט דעם געוועב האָט ער געקוקט אויף דער וועלט און אויך אויף זיין אייגן לעבן, און אַלץ געזען שוואַרץ. ווי אַזוי קאָנען זיינע אויגן איצט אַרויסרייסן זיך פון דעם טונקעלן שלייער און זען אַלץ אַזוי קלאָר?

קינאות, שינאות, פּחדים זענען אַן אינטעגראַלער טייל פון דעם געראַנגל פאַרן לעבן. אַלע קאָמפּלעקסן וואַקסן אַרויס פון דעם אינסטינקט זיך צו דערהאַלטן. מע טרינקט זיך אין צרות און מע ראַנגלט זיך און רייסט זיך צו דער אייבערפלאַך. קאָן עס זיין, אַז דאָס אַלץ איז אָפּגעטראָטן ווייל ער רייסט זיך מער נישט צו דער אייבערפלאַך? קאָן עס זיין, אַז ער קאָן איצט פּסיכיש פריי אָפּאָטעמען, ווייל ער איז מער נישט אין דעם ווילדן גאַלאָפּ צו אַנטלויפן פון גורל? אוי, ווי קאָן ער מאַכן עס זאָל איצט געשען עפּעס קאָמישס? ער וויל זען צי ער קאָן שוין איצט ווידער לאַכן אַזוי פריי, אַזוי נאַיוו, אַזוי אויפריכטיק און קלינגעוודיק ווי ווען ער איז געווען אַן עופעלע פון צוויי יאָר.

לויט די אַלע מחשבות קומט אויס, אַז ער מוז זיין אַן אינטעליגענטער, שכלדיקער מענטש; טאָ ווי קומט עס וואָס ער איז געווען אַזוי נאַריש און נישט אויסגעהאַלטן אין זיין לעבן? זענען אַלע מענטשן אַזוי?

אַלע מענטשן אַזוי? ער טראַכט שוין באַלד ווי יענער שיכור אין דער מעשׂה וועגן אַ שיכור און אַ גלח.

ווי טאַקע גייט די מעשׂה?

אַ גלח איז אַ מאָל געזעסן שפּעט ביי נאַכט איבער זיינע ביכער און דערהערט, אַז דרויסן קרעכצט אַ מענטש. ער איז אַרויסגעלאָפן קוקן וואָס עס איז געשען. דרויסן האָט געגאָסן אַ שלאָקס רעגן און אין רינשטאָק איז געלעגן אַ מאַן טויט־שיכור. דער גלח האָט אים פאַראָבירט אויפשטעלן, אָבער יענער האָט זיך נישט געקאָנט האַלטן אויף די פיס. האָט דער גלח אויף די פּלייצעס אַריינגעטראָגן דעם שיכור צו זיך אין הויז.

וואָס קאָן מען טאָן מיט אַ שיכור? מע דאַרף אים לאָזן זיך אויסשלאָפן און אויסניכטערן. האָט דער גלח אַראָפּגעצויגן פון דעם שיכור די נאַסע,

פאַרבלאָטיקטע מלבושים און אים אַרײַנגעלייגט אין אַ בעט. די מלבושים האָט ער אויפגעהאָנגען אויסצוטריקענען און שוין געוואָלט צוריקגיין צו זײַנע ביכער, ווען עס איז אים אײַנגעפאַלן אַז דער שיכּור וועט זיך אַוודאי איבער־וועקן אין מיטן נאַכט און דאַרפן אַרויסגיין צום בית־הכּיסא. ווי וועט ער אַרויסגיין אָדם־נאַקעט? מע דאַרף אַוועקלייגן עפּעס אַ מלבוש נעבן בעט.

וואָס פאַר אַ מלבושים האָט אַ גלח? פאַרשטייט זיך, אַז גלחישע. האָט ער אויף אַ בענקל נעבן בעט פון שיכּור אַוועקגעלייגט אַ גלחישע סוטאַנע, און איז אַרויס.

דער שיכּור איז דורכגעשלאָפן די נאַכט ווי געהרגעט. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט ער געזען, אַז ער איז נאַקעט, אָבער גלײַך געפונען די מלבושים אויפן בענקל און זיי אַרויפגעצויגן אויף זיך. ער גיט אַ קוק אויף זיך און זעט — אַ גלח.

אין קאָפּ האָט זיך אים געפּלאָנטערט אַ געשטאַלט פון אַ שיכּור און דאָ גאָר אַ גלח. וואָס און ווער איז ער? איז ער אַ שיכּור און איצט חלומט זיך אים אַז ער איז אַ גלח, אָדער איז ער אַ גלח און עס האָט זיך אים נאָר געחלומט אַז ער איז אַ שיכּור?

קיין נאַר איז ער נישט געווען. געזען אַ שאַנק ביכער, האָט ער אַרויס־גענומען אַ בוך. וועט ער קענען לייענען, איז אַ סימן אַז ער איז אַ גלח; וועט ער נישט קענען, איז אַ סימן אַז ער איז אַ שיכּור.

ער האָט געעפענט דאָס בוך און פּראָבירט לייענען — אַ נעכטיקער טאָג. מיינט עס, אַז ער איז אַ שיכּור?

גאָט באַהיט! ער קען נישט לייענען ווײַל קיינער קען נישט לייענען, מע מאַכט נאָר דעם אָנשטעל אַז מע קען.

אפשר קאָנען אַנדערע אײַנרעדן זיך דאָס בעסטע און דאָס גרעסטע, ער האָט דאָס קיין מאָל נישט געקאָנט.

## XX

ווי אַזוי איז ער פאַרקראָכן צו אַ גלח און אַ שיכּור? ער האָט דאָך געוואָלט זיך דערמאָנען אַלץ וועגן יענטאָן.

זי האָט אים געבעטן אָנקלינגען צו איר און אים געגעבן דעם ברודערס טעלעפאָן, אָבער ער האָט ניט טעלעפאָנירט און אַפילו נישט געוווּסט ווו ער האָט דעם טעלעפאָן־נומער. די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, ער האָט נישט געקאָנט אַהיימפאָרן און זײַן געלט האָט זיך אויסגעלאָזט; זײַן וויזע האָט זיך אויך אויסגעלאָזט. וואָס טוט מען צו באַקומען אַ דערלויבעניש צו בלײַבן און צו אַרבעטן? ער מוז עפּעס פאַרדינען, אַנישט וועט זײַן ביטער. יענטאַ האָט געהאָלפן עפּעס אַ יידישע געזעלשאַפט; וואָס איז דער נאָמען פון דער געזעלשאַפט און ווו געפינט מען זי? יענטאַ וועט עס אים זאָגן, אָבער ווו האָט ער אַהינגעטאָן יענטאַס טעלעפאָן־נומער?

אויב ער וואָלט געווען אַזאַ שליאַך ווי מאַשאַ, אָדער אַזוי דיסאָרגאַניזירט ווי איר פאָטער, וואָלט ער דעם נומער שוין לאַנג נישט געהאַט. אָבער ער איז לעאָן און נישט באַלעק און בײַ אים ווערט גאָרנישט פאַרלוירן. יענטאַ האָט שוין געאַרבעט, אָבער דער „באָס", וואָס איז געווען איר אייגענער ברודער, האָט איר דערלויבט אַוועקגיין אין מיטן אַרבעטטאָג און זי האָט אים אַוועקגעפירט אין „האיאַס".

אַז ער בלײַבט אין אַמעריקע, דאַרף מען קענען ענגליש. יענטאַ איז געגאַנגען צו אַוונטקלאַסן טאָקע אין „האיאַס", האָט ער זיך אויך דאָרט פאַרשריבן. ער האָט זי גיך אָנגעיאָגט און שוין געלערנט מיט איר אין איין קלאַס. אַז מע קען דײַטש, לאַטײַן און פראַנצייזיש, איז גאָר נישט שווער זיך אויסצולערנען אויך ענגליש. אָבער מאָדנע: יענטאַ, וואָס האָט גערעדט פּויליש מיט אַן אַקצענט, האָט שנעלער ווי ער געכאַפּט די אייגנאַרטיקייט פון דעם ענגלישן קלאַנג. זי האָט געהאַט אַ גוט אויער און שנעל זיך אײַנ־געניט אויפצוהייבן די צונג צום גומען בײַם אַרויסזאָגן דעם טה, אים איז עס אָנגעקומען שווער. ער האָט אויך כסדר פאַרגעסן דעם חילוק צווישן אַ ווי און אַ דאָבליו, בײַ אים איז אַ ווי גאָר אַרויסגעקומען אַ פאַו, ווי אין דײַטש.

זי האָט געהאַט אַ גוט אויער און טאָקע ליב געהאַט מוזיק. ווען נאָר זיי זענען אַרויס פון אַ קינאָ, האָט זי אונטערגעברומט די באַגלייט־מוזיק. ער איז געווען אַזוי פאַרטאָן מיט דעם וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן אויף דער לײַוונט, אַז ערשט ווען זי האָט עס אונטערגעברומט האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער האָט עס שוין געהערט. און גיב אַ טראַכט, אַז בײַ אים אין דער היים איז געווען

אַ ראַדיאָ און אַפילו אַ פּיאַנע; ביי אירע עלטערן האָט מען געזונגען נאָך שבת דאָס, וואָס פרומע ייִדן זינגען.

ער האָט דעמאָלט פאַרלאַנגט, זיי זאָלן רעדן צווישן זיך נאָר ענגליש כּדי זיך צו געניטן אין דער שפּראַך. דאָס איז געווען זייער נאַריש. דאָס זוכן אַ וואָרט, דאָס נישט קאָנען אויסדריקן געגנוי וואָס מע וויל זאָגן, האָט צוריקגעהאַלטן. צוויי יונגע מענטשן, אויסגעהונגערט צו דער נאָענטקייט פון איינס ס'אַנדערע, דאַרשטיק צו אַ וואַרעם וואָרט, האָבן זיך אָנגעטאָן אַ צוים אויפן מויל צוליב זייַן נאַרישער פּעדאַנטישקייט. אויב ער וואָלט נישט אַזוי מורא געהאַט צו מאַכן אַ גראַמאַטישן פעלער, וואָלט ער אפשר געזאָגט מער, און אויב ער וואָלט געזאָגט מער, וואָלט אפשר — — — צוריק געשמועסט, אפשר האָט טאָקע דאָס נישט קאָנען אויסדריקן זייַנע געפילן אין ווערטער געפירט דערצו, ער זאָל איין מאָל פלוצלינג אַראָפּבייגן זיך און אָפּפרעסן אַ קוש אויף אירע זייַדענע האָר.

אין אַמעריקע, אַז אַ בחור גיט אַ קוש אַ מיידל, אַפילו אין מויל, מיינט עס נאָך גאָרנישט. זי איז שוין געווען דרייַ־פערטל יאָר אין אַמעריקע, אָבער נאָך געהאַט די מענטאַליטעט פון דעם שטעטל לאָסק אין פוילן. אין לאָסק זענען שוין נישט געווען קיין ייִדן, די דייַטשן האָבן עס צוגעטשעפּעט צום רייַך און אַרויסגעפירט די ייִדן, אָבער יענטאַ האָט נאָך געשטעקט אין דעם ייִדישן לאָסק. אמת, זי האָט אים נישט צוריקגעהאַלטן ווען ער האָט זי געקושט, אָבער זי האָט אים נישט צוריקגעקושט. אַפילו דער באַריר פון אירע ליפּן האָט זי אויפגעהיטן פאַר דעם מאַן מיט וועלכן זי וועט שטיין אונטער דער חופּה.

## XXI

די קאָנטאַקטן וואָס ער האָט געהאַט געמאַכט מיט פאַרמאַצעווטישע פירמעס זענען אים איצט צו נוץ געקומען. אין איינער אַזאַ פאַבריק האָט ער באַקומען אַרבעט. ער האָט זיך געדונגען אַ בעסערן צימער און געקויפט יענטאַן אַ מתּנה.

מיט דער מתּנה איז געווען אַ גאַנצע העצע. ער האָט געהאַט אָפּגערעדט

מיט יענטאָן זי צו טרעפן אויף פינעפטער עוועניו צווישן די צוויי לייבן פון דער ביבליאָטעק אויף צוויי און פערציקסטער גאַס. ער האָט זיך אויסגעפּוצט אין זײַנע נײַע מלבושים, לויט דער לעצטער אַמעריקאַנער מאָדע, אָנגעטאָן די נײַע געלע שיך מיט שאַרפע שפּיצן, כאָטש עס האָט געקאַפּעט אַ רעגן. אין גאַס האָט ער געזען אויפשריפטן אין די פענצטער פון אַלע געשעפטן: „קויף דאָ דײַן וואַלענטין־טאָג־מתנה". יאָ, ער האָט טאַקע געזען אויפן קאַלענדאַר, אַז הײַנט איז וואַלענטין־טאָג און בײַ די ענגליש־קלאַסן האָט דער לערער געזאָגט, אַז וואַלענטין־טאָג קויפט יעדער אַ מתנה זײַן מיידל. פּאַפּירן צו בלײַבן אין אַמעריקע האָט ער, ער אַרבעט אין אַן אַמעריקאַנער פירמע און זעט שוין אויס ווי אַן אַמעריקאַנער „דענדי", פאַר וואָס טאַקע נישט פירן זיך ווי אַן אַמעריקאַנער? לעאָן טאַרנאָווסקי גרינט זיך אויס און האָט שוין אַ פול בײַטעלע מיט אַמעריקאַנער דאָלאַרן וואָס ער האָט אַליין פאַרדינט.

ער האָט חשק געהאַט זיך צו באַווײַזן אַז ער איז שוין אַ פאַרדינער, אָבער פאַרשטאַנען אַז מיט אַ צו גרויסער מתנה וועט ער אויסזען אַ „שווינצער". אַ צו קליינע מתנה טויג אויך נישט, יענטאַ קאָן נאָך מיינען אַז ער איז אַ קאַרגער. ער האָט געקליבן און געקליבן און בײַ זיך נישט געקאָנט באַשליסן וואָס צו קויפן. עס זאָל נישט זײַן צו קליין און נישט צו גרויס. דערווײַל האָט ער געזען דורכן פענצטער, אַז דער רעגן האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שניי און יענטאַ וואַרט אויף אים אין גאַס שוין מער ווי אַ האַלבע שעה. „זאָל זײַן דאָס", האָט ער געוויזן אויף דעם ערשטן בעסטן בראָשקעלע וואָס זײַן אויג איז געפאַלן דאַרויף. דער פאַרקויפער האָט עס אַרײַנגעלייגט אין אַן עלעגאַנט אויסגעבעט שאַכטעלע. עס האָט טאַקע געמוזט זײַן דאָס בעסטע לויט דעם פרײַז וואָס מען האָט אים געזאָגט; עס איז געווען גאָלד.

ער האָט נישט געהאַט גענוג געלט מיט זיך, דער פאַרקויפער האָט אים געטרייסט אַז וואָס עס פעלט אים אין מזומן קאָן ער באַצאָלן מיט אַ טשעק. יאָ, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פאַלנעם אַמעריקאַנער, האָט ער שוין געהאַט אַ קאָנטע אין אַ באַנק, אָבער ווי נעמט מען און מע גיט אויס אויף אַ קליין מתנהלע כמעט דעם גאַנצן געהאַלט פאַר אַ וואָך אַרבעט?

„כ'האב נישט מיט זיך מיין טשעקביכל”, האט ער געזוכט זיך ארויס־צודרייען, כאטש ער האט עס דוקא יא געהאט אין קעשענע.

„ס'מאכט נישט אויס, איר דארפט מיר נאר זאגן דעם נאמען און אדרעס פון דער באנק”, האט דער פארקויפער געענטפערט און ארויסגענומען פון א שופלאד א בלאנקא טשעק.

ער האט געקאנט באלד זאגן אז עס איז פאר אים צו טייער, איצט האט ער זיך שוין נישט געקאנט ארויסדרייען. ער האט אונטערגעשריבן דעם טשעק און מע האט אים צוגעגעבן אן געלט א שיין וואלענטין־קארטעלע. „שרייבט עס אונטער, וועט מען עס פארפאקן מיטן שאכטעלע”. ער האט אונטערגעשריבן און געווארט אומגעדולדיק, מע זאל עס שוין פארפאקן. שיין וועט עס זיין, אז יענטא וועט דערוויל אוועק אהיים.

יענטא איז געווען א ביסל ברוגז; ער האט איר געזאגט אז ער האט זיך פארשפעטיקט ווייל ער האט געזוכט א מתנה פאר איר. ער האט געזען פייכטקייט אין אירע אויגן. איז עס געווען פון גערירטקייט אדער פון קאלטן ווינט? זי האט ווייניק גערעדט דעם אוונט. אויב זי וואלט געוווסט, אז עס איז גאלד און וויפל עס קאסט... זאל ער איר זאגן? ניין, עס פאסט נישט.

צו מארגנס האבן זיי זיך געטראפן אין קלאס. ווען זי איז אריינגעקומען, איז ער שוין געזעסן אויף זיין פלאץ און ווי נאר זי האט זיך אוועקגעזעצט נעבן אים איז דער לערער אריינגעקומען. אין מיטן דער לעקציע האט ער צוגערוקט צו איר א צעטעלע מיט א פראגע: „איז עפעס געשען? דו זעסט אויס צו זיין אין שפאנונג”. זי האט געשאקלט מיטן קאפ אין דער ברייט. נאך דער לעקציע איז זי צוגעלאפן צום לערער און זיך עפעס געסודעט מיט אים. ער האט געווארט אויף איר און זיי זענען ארויס צוזאמען.

זי איז געגאנגען שנעל, כמעט געלאפן. פלוצלינג האט זי זיך אפגעשטעלט מיטן פנים צו אים און א פרעג געטאן: „דאס וואלענטין־קארטעלע, דו מיינסט עס ערנסט?”

„וואס מיינסטו, צי כ'מיין עס ערנסט?” ער האט זיך שיער נישט געפילט באליידיקט. אפשר איז זי נאך אין גאנצן גרין, אבער ער, ווען עס קומט צו אמעריקאנער מינהגים, ווייסט ער וואס ער טוט.

זי האט ארויסגענומען דאס קארטעלע פון איר בייטל, געוויזן אויף דער

שורה „דו ביסט מײַן וואַלענטײַן" און געבעטן: „זאָג עס מיר אויף פּויליש".

„דו ווייסט נישט וואָס דאָס מיינט אויף פּויליש?" האָט ער זיך גע־וווּנדערט, „‚יו אַר' — דו ביסט מײַן וואַלענטײַן".

„כ'האָב געפרעגט דעם טיטשער".

„וואָס האָט ער געזאָגט?"

„דאָס מיינט: דו ביסט מײַן ‚סוויטהאַרט'".

„דו ביסט אַ זיס מיידל, יענטאַ".

„‚סוויטהאַרט' אויף פּויליש איז ‚באַזשעטשאַנאַ', נישט גענוי, אָבער עס איז כּמעט ווי ‚כּלה'".

„‚סוויט' מיינט ‚זיס'. אַז דו ביסט אַ זיס מיידל קאָן איך זאָגן אַן דעם ‚כּמעט'", האָט ער פּראָבירט געבן אַן אויסמײַדנדיקן ענטפער.

זי האָט נישט אָפּגעלאָזט. דאָס איז נישט קיין מתּנה פאַר אַ גראָשן און זי ווייסט אַז מע קויפט נישט גלאַט אַזוי אַזעלכע טײַערע מתּנות. פונדעסט־וועגן וויל זי הערן פון אים, אַז ער פאַרשטייט וואָס עס מיינט און וואָס ער האָט אונטערגעשריבן.

דאָס האָט געקלונגען כּמעט ווי אַ באַליידיקונג. וואָס איז ער עפּעס, אַ קינד וואָס טוט אָפּ זאַכן און ווייסט נישט וואָס עס טוט?

זי איז אונטערגעשפּרונגען און אים אַ קוש געטאָן. דעמאָלט איז אַ קוש אין גאַס נאָך געווען מער פּאַריזעריש ווי אַמעריקאַניש, אָבער ער האָט זי צוריקגעקושט מיט געפיל. אירע ליפּן זענען געווען פײַכט און זיס, זי איז טאַקע אַ „סוויטהאַרט".

די נאַכט איז ער אײַנגעשלאָפן מיט אַ געפיל פון דערהויבנקייט; די צווייטע נאַכט איז ער אין גאַנצן נישט געשלאָפן. איז זי עס? איז ער שוין גרייט דערצו? אַז זאַשאַס געשטאַלט שווימט אויף אין זײַן זכּרון, ווערט אים נאָך הייס „אונטערן לעפעלע" און ענג אין האַלדז; אייטערט נאָך אין אים די ווונד? פון דער זאַשאַ קאָן מען אויסשנײַדן צוויי יענטאַס, אָבער ער וואָלט יענטאַן נישט אויסגעביטן פאַר צען זאַשאַס. מיט יענער מרשעת איז ער אַלע מאָל געווען אין שפּאַנונג, מיט יענטאָן איז אים גוט, גוט, גוט! אין לעמ־בעריק האָט ער גאַנצע נעכט נישט צוגעטאָן קיין אויג פון צרות, איצט קאָן ער נישט אײַנשלאָפן ווייל איצט קאָן ער שוין רויִק שלאָפן אין די נעכט און

דאָס איז אים ערשט איצט קלאָר געוואָרן. דו ביסט באמת מײַן וואַלענטין, יענטאַ...

## XXII

דרײַ מאָל אַ וואָך האָבן זיי זיך געטראָפן אין קלאַס און צוזאַמען געלערנט ענגליש; שבת און זונטיק האָבן זיי שפּאַצירט צוזאַמען, אַרײַנגעגאַנגען אין אַ מוזיי, געזען אַ פילם אָדער סתּם געזעסן אין אַ קאַפעטעריע און געשמועסט. ער האָט דעמאָלט געמיינט אַז עסן אין אַ קאַפעטעריע איז עכט און טיפּיש אַמעריקאַניש. אָבער דאָס אַלץ איז נישט גענוג געווען און ער האָט זיך געלאָזט אַרײַנצין אַ טעלעפאָן. נאָך וואָס האָט ער באַדאַרפט אַ טעלעפאָן אויב נישט צו קלינגען צו איר און הערן איר קול, אַפילו ווען זיי קאָנען זיך נישט טרעפן?

די דײַטשן האָבן פאַרנומען לעמבעריק, אָבער באַלד צוריק אַרויס און עס איבערגעגעבן צו די רוסן. ער האָט געשיקט פּעקלעך צו דער מאַמען און אַפילו נישט געוווסט צי זי האָט זיי באַקומען. לעמבעריק איז געווען אַריבער ימען און אַלץ וואָס איז דאָרט אַ מאָל געשען צו אים איז געווען אַזוי ווײַט, ווי עס וואָלט געשען צו אים אין אַן אַנדערן גילגול. לעמבעריק איז אַן אויפהער געווען נישט זיכער, שטענדיק געוואָרפן פון כוואַליע צו כוואַליע, אַזוי פון די קינדער־יאָרן ביזן אָוועקפאָרן קיין ניו־יאָרק. ניו־יאָרק איז זײַן זיכערער ברעג און ער איז דערשוווּמען אַהער צוזאַמען מיט זײַן „סוויטהאַרט". בײַ טאָג בײַ דער אַרבעט צי אין מיטן נאַכט, ער דאַרף נאָר אויפהייבן דאָס טרײַבל און איר זיס, וואַרעם קול וועט אים רופן „דאַרלינג".

## XXIII

ניו־יאָרק האָט אויך שנייען און רעגנס און מיזעראַבעלע וועטערן. די שווערע וואָלקנס, ווען זיי הענגען איבער די קעפּ פון די וואָלקן־קראַצערס, וואַרפן אַן אַ מרה־שחורה, אָט־אָט און די גרויקייט וועט אײַנשלינגען די גאַנצע שטאָט. מע קומט אַהיים אין אָוונט אַדורכגעווייקט פון רעגן, מע עפנט די אויגן אין דער פרי, גאָלדענע שטראַלן ווינקען אַרײַן דורכן פענצטער

און אַז מע בייגט אַרויס דעם קאָפּ, קאָן מען אויך זען אַ מילדן בלויען הימל איבער די דעכער. גיב אַ טראַכט, אַז אין פּוילן איז מיטן מאַרץ נאָך מיט־ווינטער. עס ווערט נאָך פרייליכער אויפן געמיט ווען דער טעלעפאָן נעמט קלינגען. ס'איז יענטאַ. זי וויל זיך טרעפן פרי ווײַל זי מוז אַהיימגיין פריִער, ס'איז הײַנט פּורים און אַלע קרובים קומען זיך צונויף צו דער פּורים־סעודה.

ס'איז געווען אַ מילדער, זוניקער, ערב־פרילינגדיקער זונטיק; זיי האָבן זיך געטראָפן, ווי אַלע מאָל, בײַ די צוויי לייבן. יענטאַ האָט אים געזאָגט, אַז פּורים איז בײַ ייִדן אַ מינהג זיך צו געבן מתנות און אים טאַקע געגעבן אַ מתנה. ס'איז געווען אַ האַלבער טוץ נאָזטיכלעך פון איידעלן באַטיסט. „ס'איז נישט אַזאַ טײַערע מתנה ווי דו האָסט מיר געגעבן", האָט זי געזאָגט, „אָבער די מאָנאָגראַמען האָב איך אַליין אויסגענייט פאַר דיר". פּורים פײַערט מען המנס מפּלה. האָט זי צוגעוווּנטשן דער הײַנטיקער המן זאָל שוין האָבן אַ מפּלה און די מלחמה זאָל זיך שוין ענדיקן.

„אַ, ס'וועט שוין לאַנג נישט דויערן", האָט ער זי פאַרזיכערט, „ענגלאַנד און פראַנקרײַך וואַרטן נאָר אויפן פרילינג צו מאַכן אַן אָפענסיווע. היטלער וועט אַרײַנכאַפּן דעם אמתן טויטקלאַפּ".

אַזוי האָבן אַלע געגלייבט. עס איז פאַרשוווּנדן דער קריזיס און די אַרבעטלאָזיקייט פון די דרײַסיקער יאָרן, מע האָט פאַרדינט אויף פּרנסה, מע האָט געהאָפט אויף אַ נצחון און מע האָט זיך געגרייט צו פּסח מיט אַ פריילעך געמיט.

יענטאַס עלטסטער ברודער האָט אים פאַרבעטן אויף גאַנץ פּסח. „אַ גאַנצע וואָך?" האָט ער זיך דערשראָקן. ער איז נישט געווינט, ער קאָן נישט זײַן אַ גאַנצע וואָך בײַ פרעמדע.

„ס'איז דאָך מײַן ברודער, מײַן ברודער איז נישט קיין פרעמדער".

„פּסח, רעליגיע, כ'ווייס גאָרנישט וועגן די זאַכן".

„נישט געפערלעך. מע עסט מצה, מע טרינקט ווײַן און מע לייענט פון אַ הגדה. שלמה, מײַן ברודער, ווייסט שוין אַז דו קענסט נישט לייענען קיין העברעיִש. דאָ אין אַמעריקע איז מען געוווינט צו אַזעלכע זאַכן".

ער האָט זיך געדונגען מיט איר און עס איז געבליבן, אַז ער וועט קומען

נאָר צו די סדרים, איין סדר ביי איין ברודער און דעם צווייטן ביים אַנדערן ברודער. „דו זאָלסט זיך נאָר נישט פאַרליבן אין מיין פלימעניצע. זי איז אַ שיינע און אַן אמתע ,יענקיטע׳״.

XXIV

יענטאַ האָט עס געוואָלט מאַכן לייכטער פאַר אים, און אפשר האָט זי נישט געוואָלט אירע ברידער זאָלן וויסן וואָס פאַר אַן עם־הארץ ער איז אין יידישע זאַכן. זי האָט אים געלערנט וועגן פסח ביי יעדן צוזאַמענטרעף. צוויי טעג פאַר פסח האָט זי אים געמאַכט אַ סורפּריז. זי האָט דעם אָוונט געזאָלט בלייבן אין דער היים און העלפן איר שוועגערין צוגרייטן צום סדר. פּלוצלינג האָט געקלונגען זיין טירגלעקל, ס׳איז געווען יענטאַ. זי האָט געבראַכט אַ יאַרמלקע וואָס זי האָט פאַר אים געמאַכט און אַ הגדה מיט ענגלישער איבערזעצונג וואָס זי האָט געקויפט אויפן וועג אַהער.

צום ערשטן מאָל ביי אים אין שטוב, האָט ער נאָר געוואָלט האַלדזן און קושן זיך, אָבער זי איז געווען ווי אַ שטרענגע לערערין. זי האָט נישט געוואָלט אָפּלאָזן די הגדה און געמאַכט מיט אים אַ גאַנצע רעפּעטיציע פון סדר.

זי האָט געבראַכט מתנות פאַר אים, האָט ער איר געוויזן אַ פלאַש וויין וואָס ער האָט געקויפט צו ברענגען צום סדר. אָבער יענטאַ האָט זיך אַ קרים געטאָן: „ס׳טויג נישט״.

„ס׳איז עכטער פראַנצייזישער וויין, שווער צו באַקומען מלחמה־צייט״.

„ס׳מוז זיין כשרער וויין״.

„וויין מאַכט מען פון טרויבן, נישטאָ קיין חזיר אין ווייַן״.

יענטאַ האָט אים פאַרבירט דערקלערן דעם ריטואַל פון קידוש און פאַר וואָס עס מוז זיין נאָר יידישער וויין, אָבער ער האָט עס נישט באַנומען און איז געוואָרן טרויעריק. אַ נאַרישקייט, און עס האָט קאַליע געמאַכט זיין שטימונג.

## XXV

ס'איז געווען ערב־פּסח פֿאַר נאַכט. ער האָט זיך געבאָדן און געוואַשן דעם קאָפּ. האָבן די האָר זיך אָנגעקרויזט אַז ער האָט זיי קוים געקאָנט צעקעמען. פֿון צו פֿיל קעמען איז עס געוואָרן ווי אַ שייטל, גרעסער ווי זײַן גאַנצער קאָפּ. ער וואָלט באַדאַרפֿט אַרײַנגיין אין אַ שערערײַ אַרומצושנײַדן די האָר, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. זאָל ער אַליין עס טאָן? קודם וועט ער זיך אָפּראַזירן.

בלוט האָט אַ שטראָם געטאָן דורך די מולינעס אויף זײַן אָנגעזייפֿט פּנים; ער האָט, זעט אויס, אָפּגעשניטן אַ בלעטערל. ער האָט אָפּגעווישט די זייף, דאָס בלוט האָט פֿאַרגאָסן דאָס גאַנצע פּנים און ער האָט עס גאָר נישט געקאָנט אָפּשטעלן. ער האָט צוריק אײַנגעזייפֿט ס'פּנים, עס ווערט שפּעט און ער מוז זיך אָפּראַזירן. האָט די האַנט אַ ציטער געטאָן ווײַל ער איז געווען אַזוי אויפֿגערעגט? ער האָט זיך ווידער צעשניטן. נישט טיף, אָבער געלאָזט אַ רויטע ליניע איבער דער גאַנצער ברייט פֿון דער רעכטער באַק און די לינקע באַק האָט נאָך אַלץ געבלוטיקט. ער איז געוואָרן אַזוי אין כּעס אויף זיך, אַז ער האָט אַוועקגעוואָרפֿן דאָס גאָלמעסער.

ער האָט באַקומען אַ שטיקל אײַז בײַ אַ שכן און עס צוגעלייגט צו דער וווּנד; עס האָט געהאָלפֿן, דאָס בלוטיקן האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַ קוק געטאָן אין שפּיגל און דערזען אויפֿן פּנים אַ סקאָרופּע פֿון פֿאַרטריקנט בלוט די גרייס פֿון אַ זילבער־דאָלער.

נישט ווײַט פֿון אים איז געווען אַן אַפּטייק. אַ ייִדישער אַפּטייקער, אָבער אַן אַפּטייק מוז זײַן אָפֿן. ער האָט געכאַפּט אויף זיך אַ פּאָר הויזן און אַראָפּגעלאָפֿן.

דער אַפּטייקער האָט אים געגעבן אַזאַ מין שטיפּט אָנצורײַבן די וווּנד. ער האָט פֿריִער געמוזט אָפּוואַשן דאָס פֿאַרטריקנטע בלוט. ער האָט עס גע־וואַשן מיט אַלקאָהאָל און עס האָט ווידער גענומען בלוטיקן.

געריבן און געריבן מיטן שטיפּט און צום סוף אַוועקגעוואָרפֿן דעם שטיפּט אַהין ווו עס איז געלעגן דאָס גאָלמעסער. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ בענקל און געשאָלטן מיט אַלע פּוילישע און אוקראַיִנישע קללות וואָס ער

האָט זיך נאָר געקאָנט דערמאָנען. באַרויִקט זיך וועגן דעם צעשניטענעם פּרצוף, האָט ער דערזען אַז די הויזן וואָס ער האָט געכאַפּט אויף זיך אַראָפּ־צולויפן אין דער אַפּטייק, זענען די נייַע הויזן וואָס ער האָט געהאַט אָנגע־גרייט אויף אַ בענקל זיי צו טראָגן בייַם סדר, און אַז די הויזן האָבן טונקעלע בלוטפלעקן און ווייַסע פלעקן פון — דער טייַוול ווייסט וואָס. וואָס טוט מען איצט ? וואָס טוט מען איצט ?

ער האָט איבערגעחזרט אַלע פּוילישע און אוקראַיִנישע קללות און צוגע־לייגט אַ פּאָר קללות אין דייַטש. עס איז אים געווען טרוקן אין מויל, אָבער ער איז נישט אויפגעשטאַנען פון בענקל נעמען אַ טרונק וואַסער. עס איז געוואָרן פינצטער און ער איז נישט אויפגעשטאַנען אָנצוצינדן די ליכט. ער האָט געהאַט אַ זייגער מיט פאָספאָרירטע ווייַזערס, אָבער ער האָט נישט געוואָלט וויסן ווי שפּעט עס איז, עס איז שוין סייַ ווי אַלץ איינס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ קלינג פון טעלעפאָן האָט אים אַרויסגעריסן פון זייַן פאַרגליווערטקייט, ער איז אויפגעשפּרונגען, געלאָפן צום טעלעפאָן.

מע האָט נישט געענטפערט אויף זייַן „העלאָו". „העלאָו, העלאָו", האָט ער אַרייַנגעשריגן אין טעלעפאָן. ער האָט געהערט ווי אויף דער אַנדערער זייַט האָט מען אויפגעהאַנגען דאָס טרייַבל.

ער האָט פאַרשטאַנען ווער עס האָט געקלונגען. ער וואָלט באַדאַרפט צוריקקלינגען און זאָגן עפּעס אַ תּירוץ, אַז ער איז נישט געזונט. ער האָט געוואָלט קלינגען, אָבער — — —

אָבער וואָס ?

ער דאַרף עפּעס צוטראַכטן, עפּעס וואָס זאָל זייַן — — — וואָס זי זאָל קאָנען גלייבן. ער דאַרף זיך אָוועקזעצן און טראַכטן.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, אָבער מיטגענומען די פלאַש פראַנצייזישן ווייַן. פאַר זייַנע פיר כּוסות איז דער פראַנצייזישער ווייַן אויך כּשר...

## XXVI

יענטאַ האָט מער נישט געקלונגען צו אים און ער האָט אויך צו איר נישט געקלונגען. ער איז מער נישט געגאַנגען צו די ענגלישע קלאַסן אין „האַיאַס”, ער האָט זיך געשעמט זיך צו ווײַזן פאַר איר. דאָס צעשנײַדן זיך בײַם ראַזירן ערב־פּסח, איז עס געווען נאָר אַ צופאַל?

עס איז קלאָר, אַז אויב ער וואָלט דעמאָלט געגאַנגען צום סדר און איר משפּחה וואָלט אים אויפגענומען ווי איר חתן, וואָלט עס געוואָרן אָפיציעל און ער וואָלט זיך מער נישט געקאָנט אַרויסדרייען דערפון.

ער וואָלט זיך נישט געקאָנט אַרויסדרייען? פאַר וואָס האָט ער זיך געדאַרפט אַרויסדרייען? אמת, ער האָט זיך געהאַט דערשראָקן פאַר דער ריגאָריסטישער ייִדישקייט פון אירע ברידער, אָבער קיינער וואָלט אים נישט געצוווּנגען צו גאָרנישט. יענטאַ איז טאַקע געווען אַ ביסל רעליגיעז, אָבער זי איז געווען טאָלעראַנט...

זײַן האַנט וואָס האָט צעשניטן זײַן פּנים יענעם ערב־פּסח — פון וואַנען האָט די האַנט געוווּסט וואָס עס איז נאָך נישט געווען קלאָר אין זײַן קאָפּ?

אַז ער האָט מער נישט געהאַט יענטאַן, האָט ער פאַרבראַכט די אָוונטן אין דער היים, אַליין. דער ווייטיק וועגן זאַשאַן איז צוריקגעקומען און מע קאָן זאָגן, אַז ער האָט אים אויפגענומען ווי אַן אַנגעלייגטן גאַסט. האָט ער זיך געפילט שולדיק וואָס ער האָט זאַשאַן אַזוי שנעל פאַרגעסן? האָט ער צוריק אויפגעבלאָזן זײַנע געפילן צו זאַשאַן כּדי עס זאָל אים לײַכטער זײַן צו פאַרגעסן יענטאַן? ווער האָט אים דען גענייט איבערצורײַסן מיט איר?

ער האָט אַ מאָל געזאָגט צו אַ צעל־שכן, אַז מע האָט אים אַרעסטירט ווײַל ער האָט זיך אַליין „אונטערגעשטעלט אַ פיסל”. ער טוט דאָס זײַן גאַנץ לעבן; ווען נאָר עס קומט אים אונטער עפּעס גוטס, אַנטלויפט ער פון דעם. זאַשאַן איז ער נאָכגעלאָפן טאַקע ווײַל ער האָט געמוזט נאָכלויפן. טאַקע ווײַל זי האָט אים דערנידעריקט, האָט ער געחלשט צו געווינען איר ליבע, צום ווינציקסטן איר רעספּעקט. ער איז געקראָכן אויף אַלע פיר פאַר זײַן מאַמען טאַקע ווײַל ער האָט זיך געדאַרפט אײַנקויפן אין איר ליבשאַפט. אפשר וואָלט ער אויך יענטאַן נאָכגעלאָפן, אויב זי וואָלט כאָטש געמאַכט דעם אָנשטעל אַז זי אַנטלויפט פון אים.

יענטאַ איז נישט קיין נאַר, זי האָט פאַרשטאַנען וואָס זיין נישט קומען צום סדר מיינט, בעסער ווי ער אַליין האָט עס אין יענער נאַכט פאַרשטאַנען. ער וואָלט אַזוי געוואָלט זי זאָל טראַכטן וועגן אים גוטס. ער האָט געטראַכט איר זאָגן אַז ער האָט עס געטאָן נאָר פאַר איר טובה־וועגן, פאַראַן אַ ירושה־קרענק אין זיין משפחה און ער טאָר נישט חתונה האָבן. זי וויל דאָך זיכער האָבן קינדער, אָבער אים האָט מען אָנגעזאָגט נישט צו האָבן קיין קינדער.

אַ סך אַזעלכע ליגנס האָבן דעמאָלט אויפגעבליצט אין זיין קאָפּ, אָבער ער האָט נישט געהאַט דעם מוט זיך צו פאַרבינדן מיט איר, אַפילו כּדי זיך צו פאַרענטפערן.

אוי, געוואַלד, דער ליגן איז דאָך געוואָרן אַן אמת! די לוקעמיע, ער ווייסט פון כאַטש איין קרוב וואָס איז געשטאָרבן פון אַזאַ קרענק. ער קאָן איצט אויפזוכן יענטאַן און איר דאָס זאָגן. נאָר מחמת ער האָט זי אַזוי ערנסט ליב געהאַט, האָט ער דעמאָלט באַשלאָסן נישט אָנצוואַרפן אויף איר זיין גורל. דאָס איז דעמאָלט געווען אַ גרויסער קרבן פון זיין זייט. זאָל זי איצט קומען און זען, ער ליגט אין אַ שפּיטאָל און שטאַרבט פון אַ קרענק וואָס ער האָט געירשנט אין זיין בלוט.

יענטאַ——— יענטאַ——— ווי האָט זי געהייסן? יאָ, ער געדענקט: יענטאַ יודעלעוויטש. ער קאָן איר שרייבן אַ בריוו. אין ניו־יאָרק, אַז עס קומט אַ בריוו אָן אַן אַדרעס, האָט דער פּאָסטאָפיס מיטלען ווי אַזוי צו געפינען דעם אַדרעסאַט. יאָ, ער מוז עס טאָן. כאָטש איצט זי איבערבעטן פאַר דער דעמאָלטיקער פאַרשעמונג.

מער ווי זעכצן יאָר זענען אַוועק זינט יענעם פּסח. זי האָט שוין זיכער חתונה געהאַט און רופט זיך מער נישט יודעלעוויטש.

זי האָט געהאַט אין ניו־יאָרק צוויי ברידער, דער עלטערער האָט גע־הייסן——— יאָ, ער געדענקט. דער עלטערער ברודער האָט געהייסן סאָלאָמאָן; יענטאַ פלעגט זאָגן, אַז ער איז אַזוי קלוג ווי דער קיניג סאָלאָמאָן. מאָדנע, אַזוי פיל וויכטיקע געשעענישן זענען אַזוי לאַנג געווען פאַרטונקלט און פאַרשטופּט אין אַ ווינקל פון זיין זכרון און דווקא אַזאַ נאַרישקייט ווי דעם ערשטן נאָמען פון יענטאַס ברודער געדענקט ער. ער געדענקט אַפילו, אַז די פּוילישע יידן זאָגן דאָס אַרויס: שלוימע, אַזוי טאַקע האָט יענטאַ

אָנגערופן זײַן נאָמען. עס איז אים באַשערט ער זאָל קאָנען גוט מאַכן אַן עוולה. ער וועט שרײַבן אַ לאַנגן בריוו און אַדרעסירן צו יענטאַ יודעלעוויטש, בײַ שלוימע יודעלעוויטש. אויב די פּאָסט וועט נישט געפינען איינעם, וועט זי געפינען דעם צווייטן. יענטאַ וועט אײַנזען, אַז — — —

יענטאַ האָט שוין אײַנגעזען — — — אַלע צײַטונגען זענען געווען פול מיט זײַן נאָמען, מיט זײַן בילד. יענטאַ האָט עס געלייענט און געטאַנצט פון גליק וואָס זי איז דעמאָלט קעגן איר ווילן געראַטעוועט געוואָרן פון אַרײַנפאַלן צו דעם פאַרשוין, צו דעם שפּיאָן און פאַררעטער.

גאָט מײַנער, גאָט מײַנער! דעמאָלט ווען ער האָט גענומען אויף זיך בערנאַרדס זינד, דעמאָלט האָט ער נישט געדענקט וועגן יענטאַן. ער וויל נישט, ער קאָן עס נישט פאַרטראָגן, אַז יענטאַ זאָל טראַכטן וועגן אים ווי וועגן אַ שפּיאָן. וואָס טוט מען, אַז כאָטש זי איינע זאָל וויסן דעם אמת? ער איז גרייט מיטן אייגענעם ווילן צוריקצופאָרן קיין ניו־יאָרק, ער איז וויליק צוריקצוגיין אין סינג־סינג, מיט דעם איין און איינציקן באַדינג ער זאָל פריער קאָנען רעדן צו יענטאַן. יענטאַ דאַרלינג, דער מענטש וואָס דו האָסט געליבט איז נישט קיין פאַררעטער, ער איז דאָס וואָס דו האָסט שוין דעמאָלט געוווסט אַז ער איז — אַ נאָבעלער מענטש, אַן איידעלער גרויסמוטיקער מענטש וואָס האָט זיך מקריב געווען פאַר זײַן ברודער. יענטאַ טײַערע, איך בין אַזוי ריין און אַן שולד ווי דעמאָלט ווען איך האָב דיר געגעבן דעם וואַלענטין. דו געדענקסט יענעם אָוונט, יענטאַ? דו ביסט נאָך אַלץ מײַן וואַלענטין, מײַן סוויטהאַרט, כאָטש דו ביסט מער נישט מײַן כלה.

זײַנע אויגן זענען פול געוואָרן און איבערגעלאָפן די פאַרמאַכטע לעפלעך. גראָד איז די קראַנקן־שוועסטער אַרײַן אַ קוק טאָן און דערזען זײַנע טרערן. „איר שלאָפט נישט?" האָט זי געפרעגט.

„אַ שלעכטער חלום האָט מיך איבערגעוועקט. כ'דאַרף נאָך אַ טאַב־לעטקע".

„דער דאָקטער האָט פאַרשריבן נאָר צוויי און איר האָט זיי שוין גענומען".

„עס זענען שוין אַריבער אַזוי פיל שעהען".

„כ'קאָן נישט אָן דעם דאָקטער".

„איך חלש שלאָפן".

זי האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זײַן שטערן. „ס'איז גוט", האָט ער געזאָגט, „אײַער האַנט איז אַזוי קיל".

„איר האָט ווידער אַ ביסל היץ. אַן אַספּירין קאָן איך אײַך געבן".

„צוויי", האָט ער געבעטן, „איך בין אַ היציקער מאַן".

זי האָט געלאַכט פון זײַן חכמה און געבראַכט צוויי טאַבלעטן אַספּירין.

דער קאָפּוויטיק איז לײַכטער געוואָרן, ער איז אין גאַנצן געוואָרן לײַכ־טער און מער נישט געפילט דעם האַרטן מאַטראַץ אונטער זיך. ער איז נישט געלעגן, נאָר געשוועבט העכער פון דעם בעט. ער האָט געדענקט אַז ער האָט נישט גענומען די שלאָפטאַבלעטן, קאָן עס זײַן אַז ער איז דאָך אײַנגעשלאָפן? אויב ער שלאָפט, ווי קאָן ער זיך פרעגן צי ער שלאָפט? אַכיבע...

דרויסן איז עפּעס אַראָפּגעפאַלן מיט אַ טראַסק און צעפּיצלט געוואָרן מיט אַ געבראַזג. ער האָט ווידער געפילט דעם מאַטראַץ אונטער זיך. ער האָט אַ קלונג געטאָן, גערופן די שוועסטער. „ס'איז גאָרנישט", האָט זי אים באַרויִקט. דער פּאַליציאַנט וואָס האַלט שמירה אויף יענער זײַט טיר איז אײַנגעשלאָפן מיט אַ גלאָז וואַסער אין האַנט. דאָס גלאָז איז אַראָפּגעפאַלן און צעבראָכן געוואָרן.

דער פּאַליציאַנט דרויסן איז איצט שוין געווען וואַך און געדרייט זיך אויף זײַן בענקל און געמאַכט אַ רעש. שוין אָנגעכאַפּט דעם שלאָף בײַ די פּאָלעס, האָט יענער באַדאַרפט אַראָפּוואַרפן אַ גלאָז.

מערי, מערי, ווו ביסטו נעלם געוואָרן, קײנער קאָן מיך נישט אַזוי אײַנשלעפן ווי דו.

מערי האָט זיך אויסגעטאָן פאַר אים אין אַ סטריפּטיז. ער קאָן דאָס מער נישט טאָן מיט מערין; פאַר וואָס נישט מיט יענטאָן?

יענטאַ און סטריפּטיז? יענטאַ איז געווען שעמעוודיק און צניעותדיק. זי איז געווען, כּמעט, זײַן כּלה און ער האָט נישט געזען איר לײַב טיפער ווי דעם דעקאָלט. יענטאַ וואָלט זיך נישט אויסגעטאָן פאַר אים ביז נאָך דער חתונה.

ער קאָן דאָך זיך אויסמאָלן, אַז ער האָט מיט איר חתונה געהאַט. ער איז דעמאָלט יאָ געגאַנגען צום סדר — — — ער האָט זיך צעשניטן בײַם גאָלן? וואָס פאַר אַ צעשניטן און וואָס פאַר אַ גאָלן? ער האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס

גאָלמעסער ווײַל ער האָט באַשלאָסן צו ווערן אַ ייִד ווי איר טאַטע און זיך קיין מאָל מער נישט גאָלן. אַוודאי איז ער געגאַנגען צום סדר, און בײַם סדר האָט מען אָפּגערעדט אַ חתונה. ער איז געשטאַנען אונטער אַ חופּה מיט יענטאַן און אַ ראַבײַ מיט אַ לאַנגער באָרד האָט געזאָגט „מאַדליטוועס" אָדער וואָס מע זאָגט דאָרטן. ס'איז אָפּילו געווען אַ „דזשעסטער", אַזאַ ייִדליקל וואָס מאַכט פריילעך, ווי ער האָט עס געזען אין אַ פילם.

ס'איז שוין נאָך דער חתונה. יענטאַ נעמט אַראָפּ דעם ווײַסן שלייער און דעקט אָפּ אַ שײַנענדיק פּנימל. ס'איז שוין נאָך אַלע צערעמאָניעס און זי קומט אין זײַן צימער...

ניין, נישט אין זײַן אָרעמען, בחורישן צימער. ער האָט צוגעגרייט אַ דירה. מע האָט ווידער געהעכערט זײַן געהאַלט, האָט ער געדונגען אַ שיינע דירה און אײַנגעריכט די דירה מיט אַלעם נייטיקן. פאַר וואָס ער האָט אַליץ אײַנגעקויפט אַליין? ער האָט געוואָלט, עס זאָל זײַן אַ סורפּריז פאַר יענטאַן. געקויפט אַ טעפּעך, אויפגעהאָנגען פאָרהאַנגען — — —

איז אים אײַנגעפאַלן דער משוגענער געדאַנק אַריבערצוברענגען באַלעקן און זאַשאַן ווײַל ער האָט זיך געוואָלט באַווײַזן מיט זײַן שיינער דירה? ווײַל ער האָט געוואָלט, זיי זאָלן פּלאַצן פון קינאה?

וואָס זענען עפּעס זאַשאַ און בערנאַרד אַרײַנגעקראָכן אין זײַן חלום? אַרויס! אַוועק! כ'וויל נישט וויסן פון אײַער געביין.

יאָ, ער האָט זיך געקויפט אַ שיינעם טעפּעך. ווי גראַציעז יענטאַס פיס־לעך וועלן טרעטן אויפן ווייכן טעפּעך... און אַז ער האָט באַצאָלט פאַר דעם טעפּעך מער ווי אַ טויזנטער, איז וואָס? ער קאָן זיך נישט דערלויבן? די העכערונג אין געהאַלט וואָס ער האָט באַקומען איז שוין די צווייטע דאָס יאָר. ער אַרבעט טייל מאָל איבערשעהען, ס'איז אַ וויכטיקע אַרבעט, אַ קאָנטראַקט פאַר דעם פּענטאַגאָן...

פאַרן פּענטאַגאָן?

אַוודאי, דערפאַר האָט ער באַדאַרפט דעם רוסישן פאָטאָ־אַפּאַראַט וואָס ער האָט אַרויסגעוואָרפן מיטן מיסט.

ניין, ניין, צו אַל די רוחות, ניין! נישט ער, נאָר בערנאַרד האָט גענוצט דעם פאָטאָ־אַפּאַראַט צו קאָפּירן רעצעפּטן. ער האָט טאַקע צענומען דעם

אַפּאַראַט און אַרויסגעטראָגן מיטן מיסט, ווײַל ער האָט געוואָלט ראַטעווען זײַן ברודער. בערנאַרד איז דער שפּיאָן, נישט ער.

איז טאַקע בערנאַרד דער שפּיאָן, אָדער ער פּראָבירט עס זיך נאָר אײַנ־רעדן, ווי ער האָט פריִער זיך פּראָבירט אײַנרעדן אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט יענטאַן? וואָס פאַר אַ משוגענע נאַכט איז דאָס? ער גייט, דאַכט זיך, אַראָפּ פון זינען. לויט דעם וואָס איז די נאַכט אַדורך זײַן קאָפּ, איז מעגלעך אַז ער האָט גאָר נישט קיין ברודער און אַז — — —

זאָל זײַן, אַז ער איז דער שפּיאָן און בערנאַרד איז אַן אומשולדיק לעמעלע. עס גייט אים אין דעם, ער זאָל בלײַבן דער גערעכטער? אַלץ וואָס ער וויל איז אײַנשלאָפן, ער חלשט שלאָפן.

נאָך אַ מאָל: ער האָט חתונה געהאַט מיט יענטאַן, ער האָט נאָך חתונה געהאַט מיט איר אויף דער שיף קיין אַמעריקע, און — — —

אויב שוין חלומען, פאַר וואָס נישט גיין ווײַטער? ער איז געפאָרן קיין לאַסק אויף אַ וויטשעטשקאַ, אַזאַ מין סטודענטישער אַרויספאָר, דאָרט גע־טראָפן יענטאַן און אויפן אָרט זיך פאַרליבט אין איר.

ניין, דאָס איז צו ווײַט פון רעאַליטעט. כּדי ער זאָל קאָנען מיט אָפענע אויגן גלייבן אין די חלומות, מוזן זיי זײַן גלייבלעך. יענטאַ האָט נישט געענדיקט גימנאַזיע ווײַל זי איז געווען אָרעם. אָבער אירע ברידער פון אַמעריקע — — — יאָ, דאָס איז מער רעאַליסטיש. שלמה יודעלעוויטש האָט געשיקט געלט פון אַמעריקע און — — — יאָ, אַוודאי, יענטאַ איז געווען אַ סטודענטקע, אויפן אוניווערסיטעט האָט מען זי גערופן „זשענטילאַ". ווי חנעוודיק דאָס ווײַסע סטודענטן־היטעלע מיטן רויטן לאַמפּאַס איז געזעסן אויף איר שיין קעפּל. ווען ער האָט שפּאַצירט מיט איר אויפן זאַמעק האָט מען זיי נאָכגעקוקט, אָבער ער האָט פאַרלוירן די ברילן — — —

די רישעותדיקע זאַשאַ דערלאָזט נישט, ער זאָל הנאה האָבן אַפילו פון אַ פאַנטאַזיע. נאָך אַ מאָל פון אָנהייב: אַ ווײַס חופּה־קלייד און אַל דאָס איבעריקע... עס איז געבוירן געוואָרן אַ מיידעלע, אַ פּיצעלע, זיס מיידעלע...

איצט איז ער אַרויף אויפן ריכטיקן וועג. ער קאָן נישט וועבן קיין נאַקעטקייט־סצענע אַרום יענטאַן, אָבער אַ קינד, דאָס יאָ. ער האָט שוין איצט געקאָנט האָבן אַ טאָכטער אַ „טינאייידזשער", אַ פּופּצן־יאָריקע וואָס וואָלט

געזעסן נעבן זײַן בעט און אַרױפגעלײגט אַ קאַלט הענטל אױף זײַן הײסן שטערן, און———

ער װאָלט געהאַט געדולד צו אַ קינד? אַפּילו אַ קעצל װאָס ער האָט אַ מאָל גענומען אױסצוהאָדעװען, האָט ער נאָך עטלעכע װאָכן צוריקגעגעבן. אױך יענטאַן האָט ער דאָך איבערגעלאָזט אין דער לעצטער מינוט.

ער האָט איבערגעריסן מיט יענטאַן און דאָך געקאָנט האָבן אַ קינד. װען די מלחמה האָט זיך געענדיקט און עס זענען געבליבן אַזױ פיל קינדער אָן עלטערן, האָט מען זיך געבעטן מענטשן זאָלן אַדאָפּטירן די יתומים. אַ קלײן קינד פאַר אַ מאַן װאָס איז אַלײן װאָלט טאַקע געװען שװער, אָבער ער האָט געקאָנט אַדאָפּטירן אַ קינד אין שולעלטער. אױב ער װאָלט דאָס געטאָן, װאָלט זיכער נישט געקומען צו דעם. ער זאָל אַריבערברענגען בערנאַרדן און מאַשאַן און עס װאָלט נישט געקומען צו דער גאַנצער שפּיאָנאַזש־אַפּערע.

מאַשאַ איז געװען זיבעצן יאָר אַלט װען זי איז געקומען צו אים. ער איז געװען בעסער צו איר װי איר אײגענער טאַטע, ער האָט דאָס לעבן געשטרעקט פאַר איר.

אױב ער װאָלט אַדאָפּטירט באַלד נאָך דער מלחמה אַ קינד פון צען אָדער עלף יאָר, װאָלט ער איצט געהאַט אַן אײגענעם מענטש װאָס זאָל זיצן בײַ זײַן בעט װען ער איז קראַנק. זײַן זון אָדער טאָכטער װאָלט שױן איצט גראַדויִרט פון קאָלעדזש און געשטאַנען אין שידוכים, אָבער ער האָט אַפילו נישט געטראַכט װעגן דעם. ער האָט פאַרטאָכליעװעט אַ לעבן מיט לעקן אַלטע פאָסטמאַרקעס און קושן מיאוסע זונות. אױב ער װאָלט געהאַט גענוג טאַבלעטן צו מאַכן אַ סוף, װאָלט ער עס געטאָן שױן איצט.

ער װעט נעמען צװײ טאַבלעטן, נאָר צװײ. ער מוז שלאָפן, אַנישט װעט ער אין גאַנצן אַראָפּ פון זינען.

אַ שװעסטער איז װידער אַרײַנגעקומען, ס׳איז נישט געװען די זעלביקע װאָס איז דאָ געװען ביז איצט. אפשר װעט ער בײַ איר אַרױסקריגן אַ צװײ טאַבלעטן? „כ׳מוז האָבן עפּעס צו שלאָפן״, האָט ער זיך געבעטן. זי האָט אַרױפגעצױגן דעם פענצטער־ראָלעט און געזאָגט: „מע װעט באַלד ברענגען אָנבײַסן״. דרױסן האָט שױן געגרױט אױף טאָג.

XXVII

דעם טאָג האָבן די צײַטונגען ווידער געדרוקט „בריוו אין רעדאַקציע" וואָס האָבן זיך אָנגענומען זײַן קריוודע. די קראַנקן־שוועסטער האָט עס פאַר אים איבערגעזעצט אויף ענגליש. דער ראַדיאָ האָט געמאָלדן, אַז אויך אין אַמעריקע זענען די צײַטונגען פול מיט פּראָטעסט־בריוו קעגן דעם געיעג נאָך אים. גוט וואָס מע האָט אויפגעדעקט זײַן ריכטיקע אידענטיטעט.

איצט וועט ער קאָנען אַריבערברענגען פון ניו־יאָרק אַלע מעדיצינישע רעפּאָרטן וועגן זײַן קרענק און דאָ ממשיך זײַן די קוראַציע. די צײַטונגען שרײַבן וועגן עפּעס אַ נײַעם מיטל קעגן לוקעמיע וואָס באַווײַזט וווּנדער.

פּלוצלינג האָבן אין דער טיר זיך באַוויזן צוויי פּאָליציאַנטן און זײַן אַדוואָקאַט הינטער זיי. ער מוז זיך גלײַך אָנטאָן, מע שיקט אים אַרויס.

שוין איצט? ער קאָן נישט. ער מוז נעמען עטלעכע „עקס־ריי"־באַהאַנדלונגען.

אין ניו־יאָרק איז אויך פאַראַן „עקס־ריי".

ער איז אַ קראַנקער מענטש, ער וועט נישט אויסהאַלטן ביז ניו־יאָרק.

ער האָט נאָר באַוויזן אַריבערצוטראָגן די אָנגעזאַמלטע טאַבלעטן פון זײַנע פּידזשאַמעס צו דער קעשענע פון זײַן רעקל. ער האָט אויסגעבעטן בײַ דער קראַנקן־שוועסטער נאָך צוויי טאַבלעטן.

ישׂראל־פּאָליציאַנטן האָבן אים צוגעפירט צום עראָפּלאַן. אינעווייניק האָט אַן אַמעריקאַנער אַגענט אים איבערגענומען און צוזאַמענגעשלאָסן זייערע הענט.

„איר האָט מורא כ׳וועל אַרויסשפּרינגען פון דעם פליִענדיקן עראָפּלאַן?"

„כ׳וועל אַראָפּנעמען דאָס קייטעלע ווען דער עראָפּלאַן וועט זיך אויפהייבן".

„גיב מיר אַ טרונק וואַסער".

„נאָך דעם ווי דער עראָפּלאַן וועט זיך אויפהייבן".

„כ׳בין אַ קראַנקער מענטש, כ׳דאַרף אַ טרונק וואַסער".

„נאָך דעם ווי דער עראָפּלאַן וועט זיך אויפהייבן".

דער אַגענט האָט טאַקע אַראָפּגענומען דאָס קייטעלע ווען דער עראָפּלאַן האָט שוין געשוועבט איבערן ים. ווען די שלאָפטאַבלעטן ווירקן גענוג,

דער עראָפּלאַן זאָל זיך מוזן אומקערן קיין לוד ? ער וועט נישט וואַרטן ביז די באַדינערין וועט אים ברענגען וואַסער. ער איז אַוועק אין וואַשצימער.

זע נאַר, זע, ביים ראַנד פון וואַשבאַסיין, ווי אַן אַלומיניען לייַסטל פאַרטשעפּעט עס צו דער וואַנט, שטעקט אַ ראַזיר־מעסערל. עס וועט צו נוץ קומען אויב די פּילן וועלן נישט ווירקן שנעל גענוג. מע פירט אים ערשטע קלאַס, זיי וועלן אַוודאי סערווירן אַלקאָהאָל מיט דער מאָלצייַט. וועט מען באַלד סערווירן אַ מאָלצייַט ?

ערשטע קלאַס איז טייַער, ס'איז אָבער ווערט. אָט איז אַ פלאַש אָדעקאָ־לאָן. אָדעקאָלאָן איז אַלקאָהאָל און אַלקאָהאָל מיט שלאָפפּילן וועט זיכער ווירקן שנעל. ער זאָל נאָר באַווייַזן צוריקגיין צו זייַן זיצפּלאַץ. דער אָגענט דאַרף דערוויייַל מיינען, אַז ער שלאָפט. אויב מע וועט עס צו שנעל אַרויס־שווענקען פון זייַן מאָגן, אָן שאָדן צום אָרגאַניזם, וועט מען אים מאָרגן אַרויפ־זעצן אויף אַן אַנדערן עראָפּלאַן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## XXVIII

די אויגן־לעפלעך ווי בלייַ פאַלן צוריק אַראָפּ און שליסן זיך, אָבער וואָס ער האָט געזען בלייַבט וואַך אין אים: אַ שפּיטאָל־צימער, ער איז אין אַ שפּיטאָל. ער וויל זען צי ס'איז דאָס זעלביקע צימער, די זעלביקע קראַנקן־שוועסטער. ער קאָן נישט אויפרייַסן די אויגן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז העלער טאָג, די ליכט שטעכט אין די אויגן. איז ער געשלאָפן אַזוי לאַנג אָדער געווען פאַרחלשט ? ער איז אין אַ שפּיטאָל־צימער. נאָך דריי בעטן אין דעם צימער, נעבן זייַן בעט אַ זויערשטאָף־טאַנק. יאָ, ער געדענקט עפּעס שווערס פאַרפּרעסט אויף זייַן פּנים, ס'האָט געמוזט זייַן אַ זויערשטאָף־מאַסקע. אויף דער קאָלדרע איז פאַראַן אַ גרויסער שוואַרצער שטעמפּל „הילינגסטאָן".

הילינגסטאָן ? אויף דער קאָלדרע דאַרף זייַן אַ שטעמפּל מיט פּירקאַנ־טיקע העברעיִשע אותיות. ווו איז ער ערגעץ ? האָבן זיי אים אַ האַלב־טויטן

פֿאַרשלעפּט קיין ניו־יאָרק? ער פּראָבירט זיך אויפזעצן. דער קאָפּ איז אַזוי שווער, אַז ער קאָן אים אַפילו נישט אונטערהייבן. ער וויל די קראַנקן־שוועסטער. ער זעט דאָס קנעפּל וואָס ער דאַרף אַ דריק טאָן. ער באַוועגט מיט די פינגער, אָבער קאָן נישט איבעררוקן די האַנט צום עלעקטרישן קנעפּל. ער מוז באַנעצן די ליפּן, און ער וויל וויסן ווו ער איז. ווו איז ערגעץ אַ קראַנקן־שוועסטער? ער וויל רופן, אָבער די צונג איז פאַרטריקנט ווי אַ לעדער, ער קאָן נישט באַוועגן מיט דער צונג.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער עפנט די אויגן, אַ קראַנקן־שוועסטער שטייט נעבן אים. „וואַסער", וויל ער זאָגן, אָבער ער קאָן נישט אַרויסברענגען קיין קול. די שוועסטער פאַרשטייט וואָס ער וויל און ברענגט אַ גלאָז וואַסער מיט אַ טרינקשטרוי צו זיינע ליפּן. ער זופּט וואַסער, רוט זיך אָפּ, זופּט ווידער. ער כאַפּט דעם אָטעם און שלעפּט צו זיין ווייזפינגער צום שטעמפּל אויף דער קאַלדרע.

„הילינגסטאָן־שפּיטאָל, נעבן לאָנדאָן־לופטפעלד. מע האָט אייך געבראַכט אַהער גלייך פון פליפעלד".

לאָנדאָן גאָר? אַבי נישט ניו־יאָרק. ער האָט ווידער אַ זופּ געטאָן צו באַנעצן די ליפּן: „אַדוואָקאַט".

עס האָט גענומען נאָר עטלעכע טעג און ער איז געקומען צו די כּוחות. עס האָט זיך געמאָלדן צו אים אַן אַדוואָקאַט געשיקט פון אַ ווױלטעטיקער געזעלשאַפט. ער איז אויף בריטישער טעריטאָריע, די אַמעריקאַנער אַגענטן האָבן דאָ נישט קיין יוריסדיקציע איבער אים.

## XXIX

ער איז אין דער בריקסטאָן־תּפיסה; אַבי נישט אין סינג־סינג. דער אַדוואָקאַט האָט אַריינגעטראָגן אַן אַפּעלאַציע צום „האָום אָפיס" קעגן אַרויס־געבן אים צו אַמעריקע. אַ מיטגליד פון „הויז" האָט צוגעזאָגט אויפצונעמען עס אין פּאַרלאַמענט. ס'איז אפשר גוט וואָס ער איז אין לאָנדאָן. די בריקסטאָן־תּפיסה איז ווייט נישט קיין פּאַלאַץ. די ציגל זענען שוואַרץ פון שטויב און אַלטקייט, די צעל איז נישט אַזוי גרויס און ווייניקער באַקוועם ווי אין אַסי־

ניגג, ניו־יאָרק. אָבער דאָ איז ער נישט פאַרטשוואָקעוועט מיט אַן אורטל פון צען יאָר. דאָ קאָן ער, אַ שוואַכער, קראַנקער מענטש, פירן אַ קאַמף מיט דער גרויסער, שטאַרקער אַמעריקע. ער שרייַבט בריוו צו דער קעניגין, צום פרעמיער־מיניסטער, צו בערטראַנד ראַסל, צום הויפּט־רב און צום אַרצי־ביסקופּ פון קאַנטערבורי. ער שרייַבט אויך בריוו צו די צייַטונגען. עס מוז זייַן אַז „באַרביטשורעיטס", שלאָפפּילן, ווירקן קעגן לוקעמיע. ער פילט זיך איצט שטאַרקער און האָט מער ענערגיע ווי אין תּל־אָביב. די קריכערישע, שרעקעוודיקע ייִדעלעך האָבן זיך דערשראָקן פאַר דעם אַנקל סעם. דער בריטישער לייב דערשרעקט זיך נישט. די בריוו אין די צייַטונגען זענען צוועלף צו איינס לטובת אים. בריוו זענען אָנגעקומען אויך דירעקט צו אים אין תּפיסה. אַ באַלעבאָסטע פון באָקינגהאַם האָט אים געשיקט אייַנגעמאַכטס פון שוואַרצע ווייַנפּערלעך. אַ מאַן וואָס לייַדט אויך פון לוקעמיע האָט אים געשיקט פּילן, אַן עלטערע פרוי פון מאַנטשעסטער האָט געבאַקן פאַר אים קיכלעך. גאַנץ ענגלאַנד נעמט זיך אָן פאַר אים.

דעם טאָג האָט ער באַקומען נאָר איין בריוו. אויף דעם קאָנווערט איז מיט אַ רויטן בלייַער אויפגעשריבן מיט גרויסע אותיות „נישט אייַנבייגן". אין דעם בריוו, אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ פרוי — אַ צו לאַנג און צו שמאָל פּנים, אַ צו דינע און צו לאַנגע נאָז. מיט דער פאָטאָגראַפיע אַ בריוו. זי איז אַכט און דרייַסיק יאָר אַלט. אַ בוכהאַלטעריך, אַ גוטע באַלעבאָסטע, קיין מאָל נישט חתונה געהאַט. זי האָט געלייענט וועגן אים, געזען זייַנע בילדער אין די צייַטונגען. ער איז שיין, מענטלעך און באַוווּסט. ער דאַרף האָבן עמעצן וואָס זאָל אים אָפּהיטן; זי פילט, זי איז די פרוי פאַר אים. פּ"ס: זי האָט אַ דירה און אָפּגעשפּאָרטע דרייַ טויזנט זיבן הונדערט פונט.

ער האָט נאָך געהאַלטן דעם בריוו אין דער האַנט, ווען דער אַדוואָקאַט האָט זיך באַוויזן אין דער טיר פון דער צעל. „גוטע נייַעס?" האָט ער געפרעגט דעם אַדוואָקאַט. יענער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

„נישטאָ קיין נייַעס?" האָט ער זיך געוווּנדערט וואָס דער אַדוואָקאַט איז געקומען אָן שום סיבה.

„נייַעס — יאָ, אָבער נישט קיין גוטע נייַעס. כ'האָב מורא ס'איז שלעכטע נייַעס".

ער האָט געקוקט אויפן אַדוואָקאַט מיט שטומען פרעגן.
„דער ,האָום׳־סעקרעטאַר האָט אָפּגעזאָגט די אַפּעלאַציע".
„וואָס איצטער ?"
„איך קאָן מער גאָרנישט טאָן".
די פאָטאָגראַפיע איז אַרויסגעפאַלן פון זיין האַנט. ער האָט עס אויפגע־הויבן און דערלאַנגט דעם אַדוואָקאַט : „זי וויל מיט מיר חתונה האָבן".
„איר טראַכט דען איצט וועגן חתונה האָבן ?"
„כ׳מיין : קאָן דאָס העלפן אָפּלייגן די דעפּאָרטאַציע ?"
„ניין"....
„אַ מאַן פון אַ בריטישער בירגערין", האָט ער זיך געבעטן ביים אַד־וואָקאַט.
„זי איז נאָך נישט איער פרוי, און ס׳וואָלט סיי ווי נישט געהאָלפן".
„מע קאָן חתונה האָבן דאָ אין בריקסטאָן, און", ער האָט געוויזן דעם פ"ס, „זי האָט אַ ביסל געלט, אפשר קויציע ביז אַ צווייטער אַפּעלאַציע".
„מע וואָלט דערלויבט אַ חתונה אין תּפיסה נאָר אין אַ פאַל ווען דאָס מיידל וואָלט שוין געווען שוואַנגער, כּדי צו געבן דעם קינד אַ טאַטן. אָבער אַרויסגעשיקט וואָלט מען אייך סיי ווי. אַגב : ווען עס האַנדלט זיך וועגן דעפּאָרטאַציע, לאָזט מען נישט אַרויס אויף קויציע".
„ווו איז יושר ? אַ בריטיש מיידל וויל מיט מיר חתונה האָבן — — —"
„זייט מוחל, אָבער זי וועט אייך מוזן נאָכפאָרן קיין אַמעריקע. אין לאַנד פון האָליוווד קאָן דאָס אפשר העלפן. איך בין נישט אויסן אייך צו שיטן זאַלץ אויף די ווונדן, אָבער ס׳איז מיין חוב קלאָר צו מאַכן פאַר אייך די סיטואַציע".
„ווען ?"
„היינט עלף ביי נאַכט".
„היינט ?"
„היינט. קאָן איך עפּעס טאָן פאַר אייך ?"
„קאָנט איר עפּעס טאָן פאַר מיר ?"
„כ׳האָב מורא, אַז נישט. כ׳וועל דאָ זיין און פאָרן מיט אייך צום פלי־פעלד".

דער אַדוואָקאַט איז אַוועק. ער האָט באַטראַכט די פאָטאָגראַפיע. אויב ער וואָלט איבערגעלאָזט דרויסן אַ שוואַנגער מיידל... ס׳איז צום לאַכן ס׳גרעסטע געלעכטער. אויב מע וואָלט אַרעסטירט דעם אמתן שפּיאָן וואָלט דאָס געקאָנט געשען. ביי בערנאַרדן איז עס שוין אַ מאָל געשען, אָבער ביי אים? אַ מיידל וויל מיט אים חתונה האָבן, איז עס אַ מיאוסע מויד, זי איז אַוודאי אויך אַ ביסל צעדרייט. לעאָן, סוף־כל־סוף איז געקומען דיין גרויסער טאָג. אַ מיידל האָט זיך פאַרליבט אין דיר. זי האָט דיך קיין מאָל נישט געזען, טאָקע דערפאַר האָט זי זיך פאַרליבט. זי וויל מיט דיר חתונה האָבן, אָבער דו זיצסט הינטער גראַטעס. אפשר חתונה האָבן דורך קאָרעספּאָנדענץ? אפשר דורך אַ „פּראָקסי״? אַהאַ, ער ווייסט שוין ווי אַזוי דער אַדוואָקאַט קאָן אים העלפן. ער וועט געבן זיין אַדוואָקאַט אַ לעגאַלע אויטאָריזאַציע שוואַנגער צו מאַכן זיין כלה, וועט ער דעמאָלט מעגן חתונה האָבן מיט איר.

דאָס איז די געשיכטע פון זיין לעבן. ער האָט זיך צוגעבונדן צו ישׂראל ווען מע האָט זיך שוין געגרייט אים אַרויסצושיקן. זיין איינציקע גליקלעכע עראָטישע איבערלעבונג איז געווען מיט אַ פּראָסטיטוטקע. די איינציקע וואָס וויל מיט אים חתונה האָבן איז אַ מיאוסע, צעדרייטע מויד. די איינציקע טובה וואָס זיין אַדוואָקאַט קאָן אים טאָן איז באַגלייטן אים צו דעפּאָרטאַציע. נאָך גוט וואָס מע האָט באַוויזן אים אָפּצוראַטעווען פון די שלאָפּפילן, אַנישט וואָלט ער נישט דערלעבט די חתונה־פּראָפּאָזיציע. ווער ווייסט וויפל נאָך אַזעלכע גאָלדענע געלעגנהייטן ער וועט אָנווערן, אָבער דער עף־בי־איי־אַגענט וועט מוזן לאַנג וואַרטן אויפן פּליפּעלד. גוט, אַז מע האָט אים דעמאָלט געראַטעוועט. אַלע וואָלטן געווען צופרידן אויב ער וואָלט שטיל איינגעשלאָפן. ישׂראל וואָלט עס נישט באַדויערט, אַבי ס׳איז געשען אויסער אירע גרענעצן. אַמעריקע וואָלט זיך נישט גענומען צום האַרץ, פּטור געוואָרן פון אַ שפּיאָן. בערנאַרד און מאַשאַ וואָלטן זיכער געווען צופרידן, שטום געוואָרן דער איינציקער וואָס קאָן אויפדעקן דעם אמת.

אַ ראַזיר־מעסערל איז גאָר עפּעס אַנדערש. גוט, וואָס ער האָט געהאַט שׂכל צו האַלטן און באַהאַלטן דאָס ראַזיר־מעסערל וואָס ער האָט געפונען אין עראָפּלאַן. זיין קענסער־צעפרעסן בלוט וועט פאַרפּלייצן די צעל. פאָטאָגראַפיעס אין אַלע צייטונגען, אויף אַלע טעלעוויזיעס. אַן אויפברויז פון

געוויסן. פּראָטעסטן אין ישׂראל, געשרייען אין ענגלישן פּאַרלאַמענט, דע־מאָנסטראַציעס אין ניו־יאָרק. די גאַנצע רישעותדיקע וועלט האָט זיך אָנגע־זעצט אויף אים. אַ לעבעדיקער איז ער אָן מאַכט אַפילו קעגן זײַן אייגענעם ברודער. ער מוז פאַרענדיקן מיט אַ טויט וואָס זאָל אויפשוידערן. דער „האָום״־סעקרעטאַר זאָל אַוועקדרייען דאָס פּנים, פּרויען זאָלן אַרײַנפאַלן אין היסטעריע. אפשר וועט מען ברענגען בערנאַרדן? הלוואַי זאָלן בערנאַרד און מאַשאַ קומען ווען ער וועט נאָך ליגן אין דער צעל אין אַ טײַך בלוט. זאָל מאַשאַ דעמאָלט זאָגן אַז אַ שפּיאָן איז אַ שפּיאָן, זאָל זי זאָגן ווער עס האָט וועמען פאַרמוטשעט צום טויט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

XXX

צויטן־געדאַנקען, ווי דינע דורכזעיקע פעדעם, טויכן אויף און פאַרוועבן זיך ווי אין אַ שפּינוועב. די פעדעם קוואַלן אָן און גלאַנצן אויף ווי וואַסער. אין שפּיגל פון די וואַסער־פעדעם באַווײַזן זיך קאָלירן, פאָרמען: גרוי — אַ צעל; ברוין — אַ בעט; ווײַס און ציטערדיק — אַ האַנט. די האַנט לאָזט זיך אַראָפּ, פרעסט אַ שטאָל־גרוי מעסערל און — רויט, רויט, רויט!

אין צענטער פון געוועב לייגט זיך אויס אַ פרעגצייכן: לוקעמיע מיינט דאָך, אַז ווײַסע קײַקעלעך מערן זיך און פאַרפלייצן דאָס בלוט, פאַר וואָס איז עס רויט?

דער פרעגצייכן נעמט זיך מערן נאָך שנעלער ווי די ווײַסע קײַקעלעך. אַלע פעדעם אין דעם געוועב לייגן זיך אויס אין פרעגצייכנס: וווּ איז ער? ער לעבט?

דער געוועב האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זײַן פּנים און געפּרעסט ווי — — אַ זויערשטאָף־מאַסקע. ער קאָן הערן, ער הערט זײַן אייגענעם שווערן אָטעם, אָבער קאָן נישט אויפרייסן די אויגן־לעפּלעך.

די וואַסער־פעדעם קוואַלן אָן אין שטראָמען. די שטראָמען צעכוואַליען זיך אין רוישיקע פלוסן און טראָגן אים אַוועק, אַוועק, אַוועק.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„דו קאָנסט מיך הערן?" שעפּטשעט עמעץ אים גלײַך אין אויער אַרײַן. ער עפנט די אויגן, ער קאָן אויך זען. ער איז אין אַ שפּיטאָל. אַ מאַן אין אַ ווײַסן כאַלאַט שטייט איבער אים. „דו וועסט זײַן אָל־רײַט", זאָגט יענער און גייט אַוועק.

ער איז צוגעשנאַלט צום בעט, איבער אים צוויי פלאַשן מיט בלוט. וווּ איז ער? יאָ, ער געדענקט שוין אַלץ. ניין, עס איז זיכער אַז זיי האָבן אים נישט אַוועקגעפירט צום עראָפּלאַן מיט אָפענע אָדערן. דאָס מוז זײַן אַ שפּיטאָל ערגעץ אין לאָנדאָן.

ער וועט זײַן אָלרײַט? ער וועט זײַן אָלרײַט, אויב ער וועט נישט זײַן אָלרײַט. ער וועט זײַן אָלרײַט ווען ער וועט מער נישט זײַן. וואָס גייט זיי אָזוי אָן לעבן אים צו דערהאַלטן בײַם לעבן?

וואָס גייט אים אָזוי אָן לעבן — — אין לעבן? אין טויט! וואָס יאָגט ער זיך אַזוי צו — — —

די וואַסערשטראָמען טראָגן אים אַוועק, זיי טראָגן אים אַראָפּ און ער גיט זיך אונטער. דאָס וואַסער איז אײַז־קאַלט, אָבער אין קאָפּ פּליסט הייסע לאַווע. באַלד וועט דער קאָפּ אויך אַראָפּזינקען אונטערן וואַסער און — — — ניין, נאָך נישט איצט, ער האַלט אין מיטן טראַכטן.

ער האָט אַרײַנגעקוועטשט דאָס ראַזיר־מעסערל אין זײַנע אָדערן מיט כּעס. פאַר וואָס כּעס? טויט גיט דעם לעבן אַ זין, טויט איז אַ טייל פון לעבן. אויב דער מענטש וואָלט געלעבט אייביק, וואָלט ער געוועזן פויל און אָן אַ ציל. דער לאַנגווײַל פון אייביקן לעבן וואָלט געווען אַ סך ערגער ווי עס איז דער טויט. אויב עס וואָלט נישט געווען דער דראַנג עפּעס צו טאָן און דער־גרייכן אײדער עס ווערט צו שפּעט, וואָלט קיינער קיין מאָל גאָרנישט געטאָן. אויב עס וואָלט נישט געווען קיין טויט, וואָלט נישט מעגלעך געווען צו אַנטלויפן פון לעבן. טויט פון אייגענעם אויסקלײַב איז אַ גרויסע פרײַקייט און פּריווילעגיע.

אַ קראַנקן־שוועסטער דרימלט אין איר שטול. פאַסן ליכט שפּיזן אַרײַן דורך לעכער אין דעם רולעט איבערן פענצטער און שלײַכן זיך צו אים אין פּאַרטאַגיקער שלווה. זאָל די שוועסטער רויק שלאָפן, ער וויל איצט נאָר טראַכטן.

פֿאַר וואָס האָט ער עס געטאָן?

ווײַל ער האָט נישט געוואָלט דערלאָזן, מע זאָל אים צוריקפֿירן קיין אַמעריקע.

פֿאַר וואָס איז ער אַנטלאָפֿן פֿון אַמעריקע?

ווײַל ער האָט נישט געוואָלט צוריקגיין אין תּפֿיסה.

ער איז דאָך געווען פֿרײַ אויף קויציע.

זיי האָבן שוין געהאַט באַשטימט אַ טערמין פֿאַר זײַן צווייטן מישפּט.

זיי האָבן שוין געהאַט באַשטימט אַ טערמין? אַן אַדוואָקאַט קאָן אַלע מאָל אָפּלייגן אַ מישפּט. מע האָט עס געקאָנט שלעפּן און שלעפּן פֿון געריכט צו געריכט, און ביז וואָס, ביז ווען — וויפֿל איז אים דען סך־הכּל געבליבן צו לעבן? וואָס פֿאַראַ אומזין האָט אים געטריבן צו אַנטלויפֿן?

איז עס עפּעס אין זײַן קראַנק בלוט וואָס האָט אים אַזוי געיאָגט און געפּלאָגט און אַנגעשפּאַנט ביז צום פּלאַצן? איז עס דאָס געבאָרגטע בלוט וואָס מע גיסט אין אים אַרײַן וואָס העלפֿט אים, ער זאָל איצט אַלץ זען אין גאָר אַן אַנדער ליכט? ער איז אַפֿילו נישט אין כּעס אויף זיך פֿאַר זײַן לויפֿן, אַנטלויפֿן, און אַל דאָס איבעריקע...

ווען ער האָט אַראָפּגעשלונגען די פּילן, איז ער נאָר אויסן געווען איבער־צורײַסן דעם פֿלי קיין ניו־יאָרק. ווען ער האָט זיך איבערגעשניטן די אָדערן האָט ער עס געטאָן מיט כּעס און להכעיס. ער האָט געוואָלט, אַלע זאָלן אַרײַנ־פֿאַלן אין שאָק ווען זיי וועלן אים געפֿינען אין אַ טײַך בלוט. ער האָט אויך געוואָלט ער זאָל קאָנען עפֿענען אַ שפּאַלט פֿון אַן אויג און זען זייער שרעק און זייער חרטה. שׂינאה, פּונקט ווי ליבע, איז אַ קייט וואָס בינדט דיך ווי אַ שקלאַף צום לעבן.

פֿאַר וואָס האָט ער דאָס פֿריִער נישט פֿאַרשטאַנען? אויב בערנאַרדן וואָלט גוט געווען מיט זאַשאַן וואָלט ער זי נישט פֿאַרלאָזט און געפֿאָרן קיין אַמעריקע. אויב ער אַליין וואָלט חתונה געהאַט מיט זאַשאַן, וואָלט ער זי אויך געמוזט פֿאַרלאָזן. איז זאַשאַ אַ שוואַרצער כאַראַקטער? אפֿשר נאָר אַ שטאַרקער כאַראַקטער. בערנאַרד האָט צוגענומען זײַן ברודערס מיידל ווײַל דאָס מיידל האָט אַזוי געוואָלט, און ווײַל בערנאַרד איז פּונקט אַזאַ שוואַכלעכער ווי זײַן עלטערער ברודער. זי וואָלט עס אויך אויסגעפֿירט

ביי אים אויב זי וואָלט צו ערשט געווען בערנאַרדס מיידל. טייל מאָל רופט מען שוואַכקייט גוטסקייט און שטאַרקייט רישעות, און אפשר איז עס טאַקע אַזוי. כאָטש וואָס, מישטיינס געזאָגט, פאַר אַ טובה טוט דער שוואַכער, אַז ער האָט נישט דעם כּוח אויסצוטראָגן זיין גוטסקייט. ער האָט געהאַט אַן אימפּולס זיך מקריב צו זיין פאַר בערנאַרדן און מאַשאַן; איז עס אַ טובה? עס וועט ווערן גוט ערשט ווען עס וועט זיין אַ טאָטאַלער קרבן, און דעמאָלט וועט עס זיי נישט באַקומען און וועט סיי ווי קיין טובה נישט זיין.

## XXXI

אַ שפּיטאָל־דינער איז אַריינגעקומען און עפּעס געגעבן דער שוועסטער; זי האָט עס געבראַכט צו זיין בעט. „ס׳איז אַ בריוו פאַר אייך".

„נאָך אַ בריוו? אַלע נעמען זיך אָן פאַר מיר, חוץ די וואָס האָבן די דעה".

די שוועסטער האָט באַקוקט דעם בריוו פון אַלע זייטן. „דער בריוו האָט אַ סך געוואַנדערט. ס׳איז געשיקט געוואָרן אויפן אַדרעס פון ביילינסאָן־שפּיטאָל אין פּתח־תּקוה. פון וואַנען האָבן זיי געוווּסט עס צו שיקן אַהער? ס׳איז פון ניו־יאָרק, פון ב. טאַרנאָווסקי. אַ קרוב?"

„ב. טאַרנאָווסקי, אויף אָשן־פּאַרקוויי אין ברוקלין?"

„יאָ. כ׳על עס אַריינלייגן דאָ אין שופלאָדל".

„ס׳איז פון מיין ברודער, גיט מיר דעם בריוו". ער האָט פּראָבירט אויסשטרעקן די האַנט צו נעמען דעם בריוו. קוים באַוויזן אַ ביסל אונטער־צוהייבן די האַנט, איז זי צוריק אַראָפּגעפאַלן. „עפן עס און לייען עס פאַר מיר", האָט ער זי געבעטן.

די שוועסטער האָט געעפנט דעם קאָנווערט און אַרויסגענומען אַ סך בייגעלעך פּאַפּיר אָנגעפּיקעוועט מיט אַ סך שריפט. „ס׳אַ גרויסער בריוו, כ׳על לייענען אַ ביסל, שפּעטער וועט די אַנדערע שוועסטער ווידער לייענען".

„כ׳בעט אייך", האָט ער געזאָגט, אָבער מער נישט געקאָנט אויפהאַלטן די אויגן. זי האָט געלייענט עטלעכע שורות און אָוועקגעלייגט דעם בריוו אויפן טישל נעבן זיין בעט.

## XXXII

ברוקלין, דעם 3טן סעפּטעמבער 1956

ליבער לעאָן,

באַקומען דײַן בריוו מיט אַ פּאָסטשטעמפּל פון תּל־אָביב, אָבער אָן אַ צוריק־אַדרעס. איך שרײַב דיר אָן ענטפער, כאָטש איך ווייס נישט וווהין דעם בריוו צו שיקן. אפשר איז בעסער אַזוי. דאָס וואָס איך גיי דאָ אַרויפּ־ברענגען אויפן פּאַפּיר, שרײַב איך מער פאַר זיך ווי פאַר דיר. אפשר וועל איך קאָנען זײַן מער אויפריכטיק מיט זיך אַליין טאַקע ווײַל איך ווייס, אַז דו וועסט דעם בריוו נישט לייענען. און טאַקע ווײַל איך האָף, אַז וואָס איך וועל דאָ שרײַבן וועט זיין אמתדיק, בעט איך, עס זאָל זיך מאַכן אַזוי אַז דו זאָלסט עס יאָ לייענען. איך האָב שוין אַ סך מאָל געהלומט וועגן האָבן מיט דיר אַן אָפענעם, אויפריכטיקן שמועס. איך גלייב אַז עס זענען פאַראַן אַ סך מיספאַרשטייענישן צווישן אונדז וואָס דאַרפן אויפגעקלערט ווערן; איך אַליין טראָג זיך אויך אַרום מיט סודות וואָס איך מוז פאַר עמעצן פאַר־טרויען, און דו ביסט דער איינציקער, וואָס וועט פאַרשטיין אין וואָס עס גייט.

דו הייבסט אָן דײַן בריוו מיט „פאַרגיב מיר, בערנאַרד, זײַ מוחל, מאַשאַ" און פאַרענדיקסט „מיט ליבשאַפט". דאָס איז אַזוי אַנדערש פון דעם וואָס האָט זיך געטאָן צווישן אונדז איידער דו ביסט אַוועק. אָבער איך וויל צו דיר שרײַבן נישט נאָר וועגן דעם וואָס איז געשען דאָ אין אַמעריקע, איך וויל אָנהייבן בײַם אָנהייב.

זינט מיר זענען געווען פּיצלעך קינדער האָבן מיר זיך אָפט געקריגט, עס איז אַפילו טייל מאָל דערגאַנגען צו אַ געשלעג, אָבער קיין שׂונאים, אַזוי האָף איך, זענען מיר זיך נישט געווען. דו האָסט אַלע מאָל געהאַט טענות, נײַע און אַלטע. יעדער מאָל וואָס מיר האָבן זיך געקריגט, האָסטו אויסגע־רעכנט מײַנע עוולות קעגן דיר זינט כ׳בין געבוירן געוואָרן. אויב איך וואָלט געהאַט אַזאַ גוטן זכרון אין מײַן לערנען, ווי דו אין דײַנע טענות, וואָלט איך אַוודאי אויסגעוואַקסן אַ גאון.

אַזוי לאַנג ווי איך געדענק האָב איך געפילט אין דיר אַ קינאה צו מיר. צו ערשט האָסטו מיר נישט פאַרגונען וואָס איך בין יינגער און קלענער פון

דיר, שפעטער האָסטו מיר נישט פאַרגונען וואָס איך בין דיך אַריבערגע־וואַקסן און אויסגעזען עלטער פון דיר. מיר זענען אַ מאָל אין אַ זונטיק נאָך מיטאָג אַרויסגעגאַנגען פאַרברענגען צוזאַמען, מיר זענעןביידע געווען גוט אויפגעלייגט. איז פאַרבײַגעגאַנגען אַ כאַפּטע מיידלעך און איינע האָט געוויזן אויף מיר: „יאַקי פּושיסטאַיני, יאַקי לאַדני”, וואָס פּאַר אַ שטאַלטיקער, וואָס פּאַר אַ שיינער. דו ביסט פאַרשוויגן געוואָרן, ווי מע וואָלט דיר אַ זעץ געטאָן איבערן קאָפּ און נאָך דעם זעלביקן אָוונט האָבן מיר זיך געקריגט.

דו האָסט געהאַט מער מעלות וואָס איז כּדאי געווען מקנא צו זײַן, און איך האָב דיך טאַקע מקנא געווען, אָבער איך געדענק נישט איך זאָל האָבן דערפירט צו אַ קריגערײַ. דו ביסט געווען מיט קנאַפּע צוויי יאָר עלטער פון מיר און האָסט עס קיין מאָל נישט פאַרגעסן. דו האָסט מיך אָדער „געבאָסט”, ווי מע זאָגט אין אַמעריקע, גערעדט צו מיר פון אויבן אַראָפּ און געוואָלט כ׳זאָל זיך בייגן צו דער אויטאָריטעט פון דעם עלטערן ברודער, אָדער גאָר מיך געשיצט און פּראָטעזשירט אויף אַזאַ אופן, אַז כ׳זאָל נישט פאַרגעסן ווער ס׳איז דער עלטערער וואָס פאַרשטייט אַלץ בעסער.

די צרה איז וואָס דו האָסט טאַקע פאַרשטאַנען בעסער. דו האָסט געלייענט פּאָמעלעך, געשריבן פּאַמעלעך און אַלע מאָל באַוויזן צו מאַכן דײַנע לעקציעס און אַהיימברענגען גוטע צייכנס. אַז מיר האָבן אַ מאָל געלייענט צוזאַמען, בין איך געווען פאַרטיק מיט דער זײַט נאָך איידער דו ביסט צוגעקומען צו אַ העלפט, אָבער ווען עס איז געקומען דער סוף יאָר, האָב איך זיך געשעמט ווײַזן מײַן באַריכט־קאַרטל. דײַנע מלבושים זענען שטענדיק געווען ריין, דײַנע שולהעפטן ציכטיק און די מאַמע האָט מיך געהאַלטן אין איין שיקן צו דיר, כ׳זאָל זיך אָפּלערנען פון דיר.

איין גאָט ווייסט ווי שטאַרק איך האָב געוואָלט זיך האַלטן אַזוי ווי דו. ווען איך האָב פּלוצלינג דערזען שמוץ אויף מײַנע הויזן, אַ גוואַלדריס אין אַן אַרבל אָדער אַ טינטפלעק אויף מײַן שולבוך, האָב איך אויך געליטן פון דער וויסיקייט, אַז צו דיר האָט דאָס נישט געקאָנט געשען. בײַ אונדז אין שטוב איז נישט געווען קיין שום רעליגיע, אָבער איך פלעג זען ווי בײַם סטרוזש קניִען די קינדער פאַר אַן איקאָנע און זענען מתפלל. איך האָב גע־טרוימט אַרײַנצוכאַפּן זיך צום סטרוזש אין שטוב ווען קיינער וועט דאָרט

נישט זײַן, אַנידערקניִען פאַר דער איקאָנע און בעטן, אַז אויך דײַן טינטער זאָל זיך איבערקערן און פאַרפלעקן דײַנע ביכער.

אַזוי לאַנג ווי איך געדענק, האָבן מיר ביידע באַקומען די זעלביקע מתנות. האָסט דו געוווּסט אויסצוקלײַבן דאָס בעסערע. איך האָב געצײַטערט אַנצורירן מײַן שפּילעכל עס זאָל זיך נישט צעברעכן און עס האָט זיך סײַ ווי צעבראָכן. נאָך ערגער איז געווען וואָס דײַנס איז געבליבן גאַנץ, און ווי נאָר איך האָב פּראָבירט זיך פאַרענטפערן, האָט די מאַמע מיר געוויזן דײַנס און געזאָגט אַז נאָר דיר איז כּדאַי עפּעס צו קויפן. דו ביסט געווען מײַן אומגליק. אויב איך האָב געדאַרפט געבוירן ווערן מיט צוויי לינקע הענט, האָסט דו אויך געדאַרפט זײַן אַזוי אָדער אין גאַנצן נישט זײַן...

דאָס מיינט נישט, אַז איך האָב דיך פײַנט געהאַט. ווען נאָר דו ביסט אַוועקגעפאָרן האָב איך געבענקט נאָך דיר. אויב עס האָט דיר עפּעס ווײ געטאָן, האָב איך געליטן מיט דיר. מײַן קינאה צו דיר איז נישט געווען קיין בײזוויליקע.

ערשט אין אַמעריקע האָסטו זיך גענומען זאַמלען פּאָסטמאַרקעס, אָבער דו ביסט ווי געבוירן געוואָרן צו דעם. איך וואָלט נישט פּעיִק געווען אַזוי זיך צו צאַצקען מיט אַ שטיקעלע פּאַפּיר אַ האַלבן צאָל די גרייס, אַפילו אויב מײַן גאַנץ לעבן וואָלט געווען אָפּהענגיק פון דעם. ווען מאַשאַ האָט אַ מאָל אויפגעריסן אַ קאָנווערט און די מאַרקע האָט זיך אײַנגעריסן, האָסטו אַזאַ שפּרונג געטאָן ווי עס וואָלט געווען אַ ריס אין דײַן לײַב. דו האָסט געוואַשן און געניאַנטשעט אַ געגוצטע מאַרקע ווי עס וואָלט געווען אַ לעבע־דיק עופעלע...

פאַר וואָס טאַקע ביסטו נישט געוואָרן אַ טאַטע פון אַ לעבעדיק עופעלע? דו האָסט דאָס געדולד און דעם טאַלאַנט דערצו. צוויי קינדער זענען אויפ־געוואַקסן בײַ מיר אין שטוב. מיט מאַשאַן האָב איך זיך נאָך מטפּל געווען, צו בעלאַן האָט זאַשאַ מיך שוין אין גאַנצן נישט צוגעלאָזט. זי האָט געזאָגט אַז כ׳האָב ליימענע הענט.

פאַראַן אַזאַ מין אַנעקדאָט וועגן אַ מאַן אַ שלימזל. דאָס ווײַב דאַרף אַרויסגיין, זאָגט זי אים אָן דרײַ זאַכן: „כ׳האָב אַרויפגעשטעלט די מילך אויפן פייער, זע עס זאָל אויפקאָכן, אָבער גיב אַכטונג די מילך זאָל נישט

אויסלויפן און גיב אַכטיק ס׳קינד זאָל נישט אַרויספאַלן פון דער וויג. דו זעסט דאָרט דעם גרויסן טונקעלן סלאָי? ריר זיך נישט צו צו דעם. עס שמעקט ווי איינגעמאַכטס, אָבער ס׳איז סם, אַ געפערלעכער סם״.

ווי נאָר דאָס ווייַב איז אַרויס, האָט דאָס קינד גענומען וויינען. דער מאַן האָט זיך געשפּילט מיטן קינד און דערווייַל פאַרגעסן אין דער מילך. ווען ער איז אַרייַן אין קיך, איז די מילך געווען אויסגעלאָפן און דאָס טעפּל פאַרברענט. ווען ער האָט זיך געבראַכן די הענט וועגן דער מילך איז דערווייַל דאָס קינד אַרויסגעפאַלן פון דער וויג. דער מאַן איז געוואָרן אַזוי פאַר־צווייפלט, אַז ער האָט באַשלאָסן זיך סמען און אויפגעגעסן דאָס גאַנצע איינגעמאַכטס...

זאָשאַ האָט געוווסט, אַז איך בין אַזאַ מין בריה...

איך האָב שוין דערמאָנט דייַן גוטן זכרון, דו האָסט ווי אַ גוטער בוכ־האַלטער פאַרצייכנט אין דייַן געדעכעניש יעדע קלייניקייט אויף מייַן דעביט. איך האָב זיך אַפילו נישט געקאָנט פאַרענטפערן; איך האָב די אַלע אינצידענטן געדענקט נאָר ווייַל דו האָסט זיי כּסדר איבערגעחזרט אין דייַנע קריגערייַען, אָבער ווען עס איז געשען און צי עס איז טאַקע געשען, האָב איך נישט געדענקט. מן־הסתּם איז עפּעס געשען, דו וואָלטסט עס נישט סתּם אויסגעטראַכט. אָבער וואָס האָט דערפירט דערצו? ביסטו טאַקע געווען אַ הייליקער מלאך און איך אַ פינצטערער טייַוול?

אפשר וואָלט איך געקאָנט אַרויסברענגען קעגן־טענות, אָבער ווען דו האָסט מיר געטאָן אַן עוולה, האָט מייַן כּעס אָנגעהאַלטן מינוטן. אָפּגעקילט דער צאָרן, איז עס באַלד אַרויסגעפלויגן פון מייַן קאָפּ. איך האָב פאַרלוירן מייַנע טענות צו דיר, ווי איך האָב קליינערהייט פאַרלוירן מייַנע שפּילעכלעך. אויב איך האָב זיך אַ מאָל געוואָרפן אויף דיר מיט די פויסטן, איז עס אפשר געווען פון פרוסטרירטקייט, וואָס איך קאָן דיך נישט צוריקשלאָגן מיט ווערטער.

ווען איך בין דיך אַריבערגעוואַקסן האָב איך געהאַט לענגערע אָרעמס און אויך שטאַרקערע פויסטן. אָבער דייַנע פויסטן זענען געפאַלן געניבּי און פּרעציז אויף דעם אָרט וואָס האָסט געצילט, מייַנע האָסטו געשיקט אויס־געמיטן. ווען די מאַמע איז געקומען צו לויפן און געזען, אַז דו ביסט אַן אַ

גראַטש און איך האָב אַן אונטערגעהאַקט אויג, וואָס האָסטו זיך געריכט, זי זאָל דיר געבן אַ קניפּ אין בעקל דערפאַר?

איז צו אַלע מײַנע פרוסטרירונגען צוגעקומען נאָך איינע — כאָטש איין מאָל דיך בײַצוקומען. אפשר דערפאַר בין איך געווען דער וואָס האָט אָנגעהויבן אַלע געשלעגן. די איינציקע זאַך מיט וואָס איך שטײַג דיך אַריבער איז פיזישער כּוח און אויך אין דעם זאָל איך דיך לאָזן בלײַבן בײַ דער אייבערהאַנט?

איין מאָל האָב איך דאָך דערגרייכט אַ „זיג״, איך האָב צעבראָכן דײַנע ברילן און אַ שטיקל גלאָז האָט צעקאַליעטשעט דײַן נאָז. דעם פאַל געדענק איך דווקא גוט, און איך שווער דיר, אַז עס איז געשען אומגערן. מײַן האַנט, וואָס האָט זיך געשטרעקט נאָר אַראָפּצורײַסן דיר דאָס היטל, האָט שלימזלדיק זיך פאַרטשעפּעט אין דײַנע ברילן. און געשען איז עס דווקא אין דעם טאָג ווען יעפים, דער סטרוזש, האָט זיך באַקלאָגט פאַר דער מאַמען, אַז איך טשעפּע זיך צו זײַן טאָכטער. נו, עס האָבן מיר שוין נישט געפעלט קיין צרות, די מאַמע האָט מורא געקראָגן אַז איך וואַקס אַן אויסוואורף.

אויב עס איז פאַראַן אַ טראָפּן אמת אין דײַנע טענות, אַז די מאַמע האָט מיך פאַוואָריזירט, איז די סיבה——— ניין, עס איז נישט געווען. עס האָט נישט געקאָנט זײַן פאַוואָריזאַציע. אויב עס ווערט געבוירן אַ קאַליקע, גיט די מוטער אים אַ ביסל מער אויפמערק, גוט צו מאַכן פאַר דער עוולה וואָס די נאַטור האָט געטאָן דעם קינד. די מאַמע האָט פון מיר געפאָדערט ווייניקער ווי פון דיר, ווײַל פון מיר האָט זי זיך נישט געקאָנט ריכטן אַזוי פיל וויפל פון דיר. כ'ווייס? אפשר האָט זי זיך געפילט שולדיק וואָס זי האָט נישט באַוויזן אַריבערצוטראָגן צו מיר די אַלע מעלות וואָס זי האָט אַריבערגעטראָגן צו דיר. די מאַמע איז געווען אַ הצלחהדיקע דענטיסטקע, ווײַל זי איז געווען גוט אָרגאַניזירט און געשיקט מיט די הענט. דו גראַטסט אַרײַן אין איר, פונקט ווי איך גראַט אַרײַן אין טאַטן. עס איז דאָך נישט מעגלעך די מאַמע זאָל נישט האָבן געזען אין מיר די אַלע חסרונות וואָס האָבן זי געראַזשעט ווען זי האָט זיי געזען בײַם טאַטן. מע האָט מיר אַ נאָמען געגעבן נאָכן טאַטן נאָך זײַן טויט, אָבער עס איז אַזוי געשען, אַז איך ווייס אַ סך וועגן אים. איך וועל דיר שרײַבן וועגן דעם אויך, און אפשר וועלן מיר נאָך האָבן אַ

מעגלעכקייט צו רעדן וועגן דעם? כ׳ווייס? אפשר האָט די מאַמע זיך געפילט שולדיק וואָס זי איז נישט געווען טאָלעראַנט צום טאַטנס חסרונות, און מיטן טאָלערירן זיי אין מיר האָט זי געוואָלט גוט מאַכן די עוולות קעגן טאַטן? אויב עס איז פאַראַן אַ שמץ אמת אין דיינע חשדים אַז די מאַמע איז געווען אויף מיין זייט, איז עס נישט געווען פון ליבשאַפט צו מיר, נאָר פון שולד־געפיל צו אים. דו וועסט עס איינזען ווען איך וועל האָבן אַ מעגלעכקייט דיר צו דערציילן מער וועגן זייער צוזאַמענלעבן.

דעם 25סטן סעפטעמבער 1956

איך האָב געהאַט איבערגעריסן מיין שרייבן צו דיר און נאָכן איבער־לייענען וואָס כ׳האָב געשריבן, בין איך געקומען צו דער מסקנה אַז איך שרייב כאַאָטיש און שפּרינג אַהין און צוריק אַריבער יאָרן. איך האָב באַ־שלאָסן אויסצוסדרן דיינע טענות צו מיר כראָנאָלאָגיש, און ענטפערן אויף איינער נאָך דער אַנדערער. דערוויַיל זענען אַוועק מער ווי דריי וואָכן און דו ווייסט דאָך וואָס פאַר אַ אָרגאַניזירטער מענטש, מישטיינס געזאָגט, איך בין. אַז איך דערמאָן זיך איינס, פאַרגעס איך דאָס אַנדערע, און אַז איך האָב געפונען אַן עצה, האָט עס סיי ווי נישט געהאָלפן. כ׳האָב פּראָבירט אויפשרייבן יעדע זאַך ווי נאָר עס האָט אויפגעטויכט אין מיין זכרון, איצט גיי געפין די נאָטיצן אַז זיי שפּילן אַ להכעיס מיט מיר. כ׳האָב מורא, אַז ענטפערן אויף אַלע דיינע טענות וועל איך קאָנען נאָר ווען מיר וועלן זיך טרעפן. דו האָסט דאָך דעם גוטן זכרון, וועסט דו אַרויסקומען מיט דיינע טענות און איך וועל ענטפערן אויף איינער נאָך דער אַנדערער.

בשעת דער מלחמה האָב איך שוין געחלומט צו שרייבן צו דיר וועגן אַלעם, און אַזוי שטאַרק געוואָלט דאָס דערלעבן, ווי שטאַרק איך האָב געוואָלט לעבן. איז עס נישט קאָמיש? כ׳בין דאָרט געלעגן אין געהאַקטע צרות, קיין מאָל נישט זיכער געווען מיט דעם מאָרגנדיקן טאָג, און נישט אויפגעהערט טראַכטן און פּלאַנירן ווי אַזוי צו נישט צו מאַכן דיינע טענות קעגן מיר. עס מעג אויסזען נישט גלייבלעך, אָבער דעם בריוו וואָס איך שרייב צו דיר איצט האָב איך אָנגעהויבן שרייבן נאָך אין יענע ביטערע טעג אין לעמבע־ריק. כ׳האָב אַ סך מאָל אָנגעהויבן שרייבן, פאַרשטעקט די שטיקלעך פּאַפּיר

אין אַ לאָך, זיי זאָלן נישט אַרײַנפּאַלן אין זאַשאַס הענט און צום סוף פאַר־
געסן ווו איך האָב זיי באַהאַלטן.

הײַנט, נאָך דעם ווי דו האָסט מיך געבראַכט קיין אַמעריקע, נאָך דעם
ווי האָסט אַליין גוטוויליק גענומען אויף זיך מײַן שולד, מוז איך טראַכטן
אַז אונטערן אַש פון אַלע דײַנע כּעסן טליעט דאָך אַ וואַרעמקייט צו מיר. אויב
אַזוי, דאַרף נישט שווער זײַן דו זאָלסט קאָנען זען מײַן זײַט פון דער
מטבע.

דו האָסט געבראַכט אַ גרויסן קרבן פאַר מיר, נישט געקוקט אויף דײַן
ביטערניש וועגן דעם וואָס עס איז געשען צווישן מיר און זאַשאַן. וועגן
מיר און זאַשאַן האָב איך געחלשט רעדן מיט דיר נאָך איידער ביסט אַוועק
קיין אַמעריקע, אָבער נישט געקאָנט געפינען דעם מוט. איך האָב הײַנט אַ
סך מער צו דערציילן. אויב איך וועל צוזאַמענקראַצן די בייטיקע טויזנט
דאָלאַר, וועל איך פאָרן קיין ישׂראל דיך זוכן. שוין די העכסטע צײַט איך
זאָל דיר דערציילן אַלץ וועגן דעם.

צי געדענקסטו אַז דו ביסט געווען דער וואָס האָט מיך געשיקט אויף
מײַן ערשטער ראַנדקע מיט זאַשאַן? זיכער געדענקסטו, דו ביסט דאָך דער
וואָס געדענקט אַלץ.

דו האָסט געהאַט זיך אָפּגערעדט מיט איר זיך צו טרעפן אויפן זאַמעק
און שפּעטער גיין אין אַ קינאָ. אָבער ווען דער אָוונט איז צוגעפאַלן האָסטו
אײַנגעזען, אַז דו ביסט נאָך ווײַט נישט פאַרטיק מיט דײַן אַרבעט פאַר דעם
עקזאַמען וואָס האָסט געדאַרפט אַדורכגיין צו מאָרגנס. איך אויף דײַן אָרט
וואָלט געזאָגט: „אַ כּפּרה די מויד", און אפשר וואָלט איך זיך פאַרלאָזט
אויף ניסים וועגן דעם עקזאַמען. דו אָבער האָסט געשיקט מיך זאָגן זאַשאַן,
אַז דו קאָנסט נישט קומען.

כ׳וועל פאַר דיר נישט אַנטדעקן אַמעריקע אויב איך וועל זאָגן, אַז זאַשאַ
איז געווען שטיפעריש און רייצנדיק און——— כ׳האָב גערן גענומען אויף
זיך דײַן שליחות. כ׳האָב געמיינט זי וועט אויסהערן וואָס כ׳האָב צו זאָגן
אין דײַן נאָמען און זאָגן „אַ גוטע נאַכט". ס׳איז טאַקע געווען אַ גוטע נאַכט
צו שפּאַצירן. מיר האָבן געפּלאַפּלט, כ׳געדענק שוין נישט וועגן וואָס, און
אַ סך געלאַכט. שפּעטער האָט גענומען קאַפּען אַ דריבנער רעגן און זאַשאַ

האָט דערמאָנט, אַז דו האָסט צוגעזאָגט זי צו נעמען אין קינאָ. איך האָב דערפילט אַז איך דאַרף דיך פאַרטרעטן אויך אין דעם. גלייב עס אָדער נישט, אָבער בעת־מעשׂה האָב איך באמת געטראַכט אַז איך טו עס פאַר דיר. לכל־הפּחות האָב איך זיך אַזוי אײַנגערעדט. אין אַ קריטישן מאָמענט אויפן עקראַן האָט זי אָנגעכאַפּט מײַן האַנט און איר האַנט איז שוין געבליבן אין מײַנער.

איך האָב נישט געהאַט קיין שלעכטע כּוונות, אָבער איך האָב געוווּסט אַז אויב אַ בחור גייט אַרויס מיט אַ מיידל און פּראָבירט איר אַפילו נישט אַ קוש טאָן, האַלט זי אים פאַר אַ שלימזל. איך האָב נישט געוואָלט אויסקוקן ווי אַ שלימזל אין דער איינציקער זאַך ווו איך בין עס נישט געווען.

אַז איך קוק הײַנט צוריק צו יענער צײַט, זע איך, אַז טאַקע מײַן שעמעוודיקייט און מײַן אומגעלומפּערטקייט האָבן גורם געווען איך זאָל פּראָבירן מאַכן אַן אײַנדרוק מיט מײַן חוצפּה צו מיידלעך. אָפּט מאָל האָט מײַן שעמעוודיקייט מיך פּאַראַליזירט, איך האָב געהאַנדלט ווי אַן אידיאָט און האָב זיך נישט געקאָנט העלפן, אָבער ווען עס איז מיר געלונגען, קעגן מײַן אייגענער טבע, אַ טשעפּע צו טאָן מיט אַ מיידל, בין איך געווען ווי אַ שיכּור נאָכן ערשטן טרונק. דאָס האָט נישט פּאַסירט צו אָפּט, אָבער אַ מיידל אַ פּלאַפּלערקע האָט מיר געמאַכט אַ שם פון אַ חוצפּהניק. נאָך דעם, אויב איך בין אַרויסגעגאַנגען מיט אַ מיידל און זיך נישט געטשעפּעט צו איר, איז זי געווען אַנטוישט. אויב איך טשעפּע זיך צו אַלעמען און נישט צו איר, מיינט עס דאָך אַז זי געפעלט מיר נישט. איז זי אַזוי מיאוס אַז עס איז מיר אַפילו נישט כּדאַי די אָנשטרענגונג פון געבן אַ קוש? אַ מיידל האָט דאָס מיר אַ מאָל פאַרגעוואָרפן און איך האָב אויסגעפונען, אַז יענע פּלאַפּלערקע האָט מיר גאַרנישט געטאָן קיין רעה. עס איז אָנגעקומען צו דער מאַמען, און זי האָט זיך געוווּנטשן כ׳זאָל זיך פאַרליבן און אפשר אויך חתונה האָבן איידער איך וועל פאַרמישט אין אַ סקאַנדאַל. כ׳בין געווען נאָר איין און צוואַנציק יאָר ווען איך האָב זיך פאַרבונדן מיט זאַשאַן, אָבער מיר דאַכט זיך, אַז די מאַמע האָט געפילט אַז אַן עול איז איר אַראָפּ פון קאָפּ.

כ׳בין נישט געווען אַזאַ קנאַקער ווי מע האָט געמיינט, אָבער דער בייזער שם האָט גורם געווען איך זאָל זיך שעמען נישט צו זײַן אַגרעסיוו. מײַן

געמאַכטע דרייסטקייט האָט אָנגעריסן און איך בין באמת געוואָרן דרייסט און אַפילו ציניש וועגן די זאַכן.

יאָ, וועגן דעם סקאַנדאַל מיט דעם סטרוזשס טאָכטער: כ'שווער דיר, אַז עס איז נישט געווען וואָס מע האָט געמיינט. אויב דו געדענקסט, איז זי נישט געווען פון די גרויסע יפיפיות. אין מײַן פוסטער אײַנרעדעניש האָב איך געמיינט, אַז מײַן טשעפּען זיך צו איר וועט איר קאָמפּענסירן פאַרן מוזן ווינען אין קעלער מיט אַ טאַטן אַ שיכּור. לאַך, אויב דו ווילסט, איך האָב זיך אײַנגערעדט, אַז מײַן קושן זי וועט איר געבן חשיבות אין אירע אייגענע אויגן. איך האָב געזאָגט, אַז עראָטיק איז געווען דאָס איינציקע פעלד ווו איך בין נישט געווען קיין שלימזל; ס'איז נישט אמת! צו מײַן שלימזלדיקייט אויף דעם פעלד קאָנסטו צורעכענען מײַן קושן סאָפּיאַ דעם סטרוזשס און זאַשאַן. יאָ, איך האָב געקושט זאַשאַן יענעם אָוונט. זי האָט זיכער געהערט פון דיר וואָס פאַר אַ פּאַקראַקע איך בין, בין איך געווען צופרידן צו זען וואָס פאַר אַ גוטן אײַנדרוק איך האָב אויף איר געמאַכט.

דאָס צווייטע מאָל האָבן מיר זיך געטראָפן, גאַנץ צופעליק, אין גאַס, און פאַרבראַכט אַ נאָכמיטאָג צוזאַמען. איך געדענק שוין נישט ווי אַזוי עס איז געקומען צו די ווײַטערדיקע צוזאַמענטרעפן. ווי איך האָב בײַם ערשטן מאָל זיך געוואָלט באַווײַזן מיט מײַן אַגרעסיוויקייט, אַזוי בין איך בײַ די ווײַטערדיקע מאָל געווען צוריקגעהאַלטן. איין מאָל האָב איך איר געזאָגט אַז מיר וועלן זיך מער נישט קאָנען טרעפן אַליין, ווײַל דו ביסט שוין פּאַרטיק מיט אַלע דײַנע עקזאַמענס. דאָס האָט געזאָלט זײַן אונדזער לעצטע ראַנדקע, איך האָב זי אָפּגעפירט אַהיים און בײַם געזעגענען זיך האָבן מיר זיך אַרומגענומען און זיך געקושט — אַ געזעגן־קוש.

צום שלימזל האָסטו מיר געהאַט געגעבן אַ מתּנה אַ קוואַלפּעדער, און בעת מיר האָבן זיך געקושט האָט דער טינט פון דײַן פעדער זיך געגאָסן טאַקע ווי פון אַ קוואַל און אַדורכגענעצט מײַן מאַרינאַרקע און איר קלייד. אַלע ווייסן, אַז טינט טאָר מען נישט לאָזן אײַנטריקענען. ווען זי האָט מיך געשלעפּט אַרײַנצוגיין מיט איר אויסוואַשן דעם פלעק, האָב איך פּראָטעסטירט: „וואָס וועט דײַן מאַמע זאָגן?" זי האָט מיר געוויזן די טונקעלע פענצטער: „ס'איז קיינער נישטאָ אין שטוב".

דער טינטפלעק האָט מיך אַדורכגענעצט ביז צום לײַב. איך האָב אַראָפּ־גענומען די מאַרינאַרקע, זאַשאַ האָט אַראָפּגעצויגן פון מיר אויך דאָס העמד אויסצוװאַשן די פלעקן. „אַז עמעץ װעט קומען, װעלן זיי מיינען כ׳װייס װאָס״, האָב איך געזאָגט פאַרשעמט.

„קיינער װעט נישט קומען, זיי זענען אין סאָקאָלניק, בײַ דער באָבען״, האָט זי מיך באַרויקט, האָט אַראָפּגענומען איר בלוזע און אײַנגעװאָשן דעם פלעק.

זי האָט אַרײַנגעטאָן עסיק אין װאַסער און די פלעקן זענען לײַכט אַרויס. זי האָט אויסגעשפּרייט די מלבושים צו טריקענען און איך בין געװען צופרידן װאָס אַלץ װעט אָפּגיין אָן אַ צייכן.

די מלבושים האָבן זיך געהאַלטן אין טריקענען און מיר האָבן זיך גע־האַלטן אין איין געזעגענען, אַ געזעגן־קוש נאָך אַ געזעגן־קוש און ———

איך האָב דערזען די סכּנה. זאַשאַ איז געװאָרן אַלץ מער צעררייצט און איך בין אויך נישט געװען אויס אײַזן. איר װײַבלעכקייט האָט אַרויסגע־קערניקט פון איר אונטערװעש. דער גלי פון איר גוף האָט מיך אָנגעצונדן אין פלאַמען. אָבער אין אַ װינקל פון מײַן קאָפּ איז קיל און קלאָר געבליבן אַ װויסיקייט, אַז דאָס טאָר נישט געשען. איך האָב נישט געטרויט זיך אַליין און פּראָבירט זיך ראַטעװען מיט אַן אומגעלומפּערטן ליגן. איך האָב איר געזאָגט אַז איך בין טאַקע אַ גוטער קושער, אָבער נישט מער װי דאָס, איך בין אימפּאָטענט.

אַז איך קוק היינט צוריק צו יענעם מאָמענט מוז איך זאָגן, אַז דאָס איז געװען אַ העראָאישער אַקט, און (דו װעסט זאָגן אַז איך בין נישט דאַנקפּול) מיט נישט װייניקער קרבן־גרייטקייט װי דײַן נעמען אויף זיך מײַן שולד אין יענעם אומגליקלעכן אָװנט אין ברוקלין. איך באַשולדיק סײַ דיך, סײַ די מאַמע אין גורם זײַן, איך זאָל זיך זען אַ שלומיאל און קוקן אויף זיך אַליין מיט ביטול. דאָס באַװײַזן זיך װי אַ יונג מיט ביינער איז געװען מײַן איינציקע קאָמפּענסאַציע. איך האָב זיך שטאַרק באַמיט, עס איז מיר געגאַנ־גען אין לעבן אויסצונעמען בײַ זאַשאַן, און פאַר װאָס לייקענען? עס האָט מיר שטאַרק געשמייכלט װען איך האָב גענומען חושד זײַן, אַז איך געפעל איר בעסער פון דיר. און פּלוצלינג שיס איך אַרויס אַזאַ מין באָמבע.

מײַנע װערטער האָבן זי װי אָפּגעגאָסן מיט קאַלט װאַסער. איך האָב געדאַרפֿט אויסנוצן די מינוט און אַנטלױפֿן אַפֿילו אָנעם העמד און מאַרי־נאַרקע, אָבער איך אַלײן בין געװען פֿריטשמיעלעט פֿון מײַנע װערטער. פּלוצלינג האָט אין זאַשאַס אויגן זיך אָנגעצונדן אַ שקאַציש שמייכעלע: „מיט דער קרענק ביסטו געקומען צום ריכטיקן דאָקטער", האָט זי געזאָגט און װידער פֿאַרװאָרפֿן די הענט אַרום מײַן האַלדז. אויב זי האָט פֿריִער געװאָרט איך זאָל זײַן דער אָנגרײַפֿער, האָט זי איצט אין גאַנצן איבער־גענומען די איניציאַטיװ. זי האָט באַטאַפּט מײַנע מוסקלען און געזאָגט: „זאָרג זיך נישט, ייִנגל, איך פֿיל כּוח אין דײַן גוף".

איך בין געװען נאַקעט ביזן גאַרטל, זי האָט נאָך געטראָגן אַ ביוסט־האַלטער און איך האָב עס נישט אָנגערירט, איך שװער דיר. דו געדענקסט אַוודאי די דעמאָלטיקע ביוסטהאַלטערס, די אַקסל־בענדלעך האָבן זיך אָנגע־צויגן און פֿאַרקנעפּלט פֿון פֿאָרנט. פּלוצלינג האָט אַזאַ קנעפּל נאָכגעגעבן און אַ פּולע, רײצנדיקע, נאַקעטע ברוסט איז געשפּרונגען מיר אין די אויגן אַרײַן. גלײב מיר אָדער נישט, איך האָב נאָך אַלץ געװאָלט אַנטלױפֿן, אָבער זי האָט דערזען אַ סימן אַז איך בין װײַט פֿון זײַן אימפּאָטענט. זי האָט געמײנט אַז טאַקע זי האָט מיך אויסגעהײלט און זי האָט מיט טריִומף מיך געפֿירט צום בעט. איך האָב אויסגעטראַכט אַ תּירוץ כּדי זיך צו ראַטעװען, האָט דער ליגן מיך געבראַכט נענטער צום אָפּגרונט. דאָס איז מײַן גורל, איך טו עפּעס מיט די בעסטע כּװנות און עס קומט אַרויס אַ צרה, אַן אומגליק.

איך פֿאַרשטײ גוט, אַז װאָס מער דעטאַלן איך דערצײל, אַלץ פֿײַנלעכער װערט עס פֿאַר דיר צו לײענען, אָבער עס האָט געהערשט צװישן אונדז צו פֿיל שװײַגעניש צו לאַנג. נאָך דעם װי דו װעסט װיסן אַלץ, װעל איך דיך קאָנען פֿרעגן דאָס װאָס איך באַגער שוין אַזוי לאַנג דיך צו פֿרעגן. טראַכט אײדער דו ענטפֿערסט. פּראָביר, אויב דו קאָנסט, זען זיך אויף מײַן אָרט, און אַרײַנלעבן זיך אין מײַן מצב: װאָלסט דו געװען שטאַרקער? װאָלסט דו זיך אויפֿגעפֿירט װי אַ יוסף־הצדיק און נישט פֿאַרלוירן דעם קאָפּ?

איך האָב נישט צוגענומען בײַ איר די אומשולד — זי האָט זי שוין נישט געהאַט. דאָס האָט פֿאַרקלענערט מײַן שולדגעפֿיל קעגן דיר, און מײַן אַחריות צו איר. איך װעל נישט לײקענען, אַז נישט געקוקט אויף דעם װאָס

איך האָב עס נישט געזוכט און נישט געוואָלט, האָב איך נישט געקאָנט דערשטיקן אַ שטיקל געפיל פון נצחון...

איך האָב נישט געוווּסט צי זי פּלאָנט צוריקגיין צו דיר אָדער נישט; איך האָב דעצידירט זיך צו דערווייַטערן פון איר. איך האָב עס ביי זיך אַזוי באַשלאָסן, אַז איך וואָלט מן־הסתם געפונען דעם כּוח עס אויסצופירן. וואָך נאָך וואָך איז פאַרביי, צוויי חדשים זענען פאַרביי, און איך האָב באַוויזן זי אויסצומיידן. איך בין איין מאָל שיִער נישט איבערגעפאָרן געוואָרן ווען איך האָב זי פּלוצלינג דערזען אין גאַס און בין אַריבערגעלאָפן דעם וועג.

איין מאָל, ווען איך בין אַרייַנגעקומען אין שטוב, האָסטו גראָד גערעדט צו איר אויפן טעלעפאָן. אויף וויפל איך געדענק, איז עס געווען אַן אינטימער שמועס אין אַ טאָן פון וואַרעמקייט. פּלוצלינג האָסט דו מיר דערלאַנגט דאָס טרייַבל: „זאָשאַ האָט אַ גרוס פאַר דיר".

דער גרוס איז געווען אַז איך מוז שוין, תיכּף צוקומען צו איר, עפּעס איז געשען וואָס איך מוז וויסן.

איך האָב געמיינט אַז דאָס איז איינס פון אירע שפּיצלעך, איך בין געווען אין כּעס, אָבער בין געגאַנגען צו איר. אפשר האָט עמעץ אונדז געזען צוזאַמען, אפשר האָט עמעץ געזען ווי מיר האָבן זיך געקושט און מע דאַרף צוטראַכטן אַ תּירוץ דיר צו פאַררעדן די ציין.

זאָשאַ האָט געוואַרט אויף מיר אין שטוב. נאָך איידער זי האָט באַוויזן עפענען דאָס מויל, האָב איך געזאָגט אַז איך קאָן מער נישט אָפּטאָן זאַכן הינטער דייַנע פּלייצעס. איך בין אַ שלימזלדיקער ליגנער; אין אַ שיינעם העלן טאָג וועל איך זיך אַרויסכאַפּן מיט אַן איבעריק וואָרט און וועל שוין מוזן דיר אויסזאָגן דעם אמת.

איך האָב גערעדט שנעל זי זאָל מיר נישט קאָנען איבעררייַסן, אָבער זי האָט אַפילו נישט פּראָבירט מיר איבעררייַסן, זי איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געשוויגן. געשוויגן אויך נאָך דעם ווי איך בין אַנטשוויגן געוואָרן.

„האָסט מיר אָנגעזאָגט צו קומען שוין, תּיכּף, צוליב עפּעס וואָס איך מוז וויסן, טאָ וואָס שווייַגסטו?"

„כ'בין נישט זיכער צי דו ביסט געניג מאַן עס צו הערן", האָט זי

געזאָגט טרויעריק און איך האָב געזען דעם גלאַנץ פון טרערן אין אירע אויגן.

„דו ווילסט כ׳זאָל אַוועקגיין?״ האָב איך געפרעגט. די באַליידיקונג האָט מיך ווייניק געאַרט, אָבער דער טרויער אין איר קול איז געווען אַזוי עכט און אַזוי טיף אַז עס האָט מיר אַ שניט געטאָן בײַם האַרץ. איך בין שוין גרייט געווען זי כאַפּן אין די אָרעמס און זי איבערבעטן, אָבער עס איז מיך באַפאַלן אַ פּחד, ווי איך וואָלט פּלוצלינג דערזען אַן אָפּגרונט בײַ מײַנע פיס. איך האָב אַפילו נישט געאָנט וואָס זי האָט מיר צו זאָגן און דאָך אויסגעקוקט זי זאָל מיר געבן אַ טראַציקן ענטפער: יאָ, גיי.

„דו ווילסט גאָר נישט וויסן וואָס עס איז געשען?״

„דו האָסט מיך גערופן און איך בין געקומען, יאָ, צי ניין?״

„באַלעק, וואָס איז הײַנט געשען צו דיר? דו רעדסט צו מיר ווי צו אַ שונא, און איך האָב געמיינט, אַז דו האָסט מיך כאָטש אַ ביסל ליב...״

די לעצטע ווערטער האָב איך שוין געהאַט געהערט פון איר מער ווי איין מאָל, עס פלעגט אַרויסקומען פון איר מויל קאָקעטיש און אַרויסרופעריש, אָבער נישט איצט. זי האָט עס געזאָגט שטיל און קוים זיך צוריקגעהאַלטן פון וויינען. איך האָב איר געזאָגט דעם אמת: „כ׳האָב מורא לעאָן וועט זיך דערוויסן. און — — —״

„לעאָן וועט זיך זיכער דערוויסן״, האָט זי מיר איבערגעריסן.

„עמעץ האָט אונדז געזען? ווער?״

„ווער? דערווײַל קיינער נישט, אָבער אין גיכן וועלן אַלע זען...״

איך בין געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל און זי האָט מיר צוגעוואָרפן אַ טענה: „כ׳האָב געמיינט אַז דו ווייסט ווי זיך צו היטן...״

וואָס דערנאָך איז געשען ווייסטו. פון דעם אַלאַרם האָט שפּעטער זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. זי איז געהאַט אַוועקגעפאָרן אויף עטלעכע טעג און נאָכן צוריקקומען, מיר געזאָגט אַז זי האָט עס „פאַרלוירן״. ס׳קאָן זײַן, אַז זי האָט זיך געלאָזט מאַכן אַן אַבאָרט; ס׳קאָן אויך זײַן, אַז די גאַנצע זאַך איז געווען אַ ליגן, אויסגעטראַכט כּדי גובר צו זײַן מײַנע סקרופּלען. ווי זאָגט מען דאָ אין אַמעריקע: דײַן השערה איז אַזוי גוט ווי מײַנע.

מײַן אומגעלומפּערטער אויסרייד אַז איך בין אימפּאָטענט איז מיר

שפעטער קאַפּויער געקומען. נאָך דעם ווי מיר זענען געוואָרן מאַן־און־ווײַב, האָט זאָשאַ נישט געהאַט וואָס זיך צו באַקלאָגן אויף דעם פעלד. זי האָט נאָך אַ מאָל פאַרשוואַנגערט און טאַקע אויסגעטראָגן מאַשאַן. אויף וויפל איך ווייס, זענען נישט קיין סך פּאָרלעך אַזוי אַקטיוו ווי מיר זענען געווען. זאָשאַ האָט געוווּסט ווי אַזוי מיך אויפצוּוועקן אָבער אַ מאָל און ווידער אַ מאָל. איך בין געוואָרן אָפּגעמאָגערט, אַרומגעגאַנגען אַ פאַרשלאָפענער און בײַ נאַכט ווידער געווען אַקטיוו, אָבער עס ווײַזט אויס, אַז זאָשאַ איז געבליבן אויסגעהונגערט. איך גלייב נישט, אַז אירע פריִערדיקע זענען געווען גרעסערע קנאַקערס, אָבער דער פיזישער אַקט איז נישט אַלץ. איך האָב געהאַט אַרײַנגעהאַקט אין איר קאָפּ אַ קלין וועגן מײַן מכּלומרשטער אימפּאָטענץ, זי האָט מיר דעמאָלט געגלייבט און עס ווײַזט אויס, אַז דאָס האָט איר געשטערט צו ווערן באַפרידיקט, אָדער איבערגעלאָזט אַן אילוזיע אַז מיט אַ מאַן אַזאַ שוואַכקייט מוז עס זײַן בעסער. איך האָב געהאַט אַ סך צײַט אַרײַנצוקלערן אין דעם און דאָס איז מײַן מסקנה.

דאָס אַלץ האָט שוין אייגנטלעך גאָרנישט צו טאָן מיט דיר, אָבער דו קאָנסט זען פון דעם, אַז קיין האָניק האָב איך נישט געלעקט...

צוריקגעשמועסט: דאָס צונעמען זאָשאַן איז אפשר דאָס בעסטע וואָס איך האָב געטאָן פאַר דיר. כ׳וויל דיר נאָך דערציילן פאַר וואָס זי איז נישט געקומען מיט מיר קיין אַמעריקע, אָבער איך הער מאַשאַס שליסל אין דער טיר. כ׳על שרײַבן מער מאָרגן. דערווײַל: אַדיע.

ברוקלין, דעם 2טן אָקטאָבער 1956

איבערגעריסן מײַן שרײַבן אויף אַ טאָג, אָבער דו ווייסט דאָך, נישט אַלע מאָל איז פאַראַן די שטימונג. איך זיץ איצט מיט דײַן בריוול פון תּל־אָביב און לייען עס אפשר צום צענטן מאָל. דאָס וויכטיקסטע אין דײַנע פּאָר שורות איז דער לעצטער זאַץ. אין דײַנע ווערטער „איך האָב געפונען אַ לייזונג" איז פאַראַן אַ רויִקייט און אַ גלויבן, אַז דו האָסט געלאָזט אַלע דײַנע צרות הינטער זיך. איז אויך אײַנגעטרעטן אַ בעסערונג אין דײַן געזונט? לאָמיך האָפן אַזוי.

כאָטש דו האָסט באַוויזן צו אַנטלויפן פון דײַן תּפיסה־אורטל, קאָן איך

זיך נישט באַפרײַען פון דעם געדאַנק, אַז איך דאַרף פונדעסטוועגן גיין צום פּראָקוראָר, דערציילן דעם גאַנצן אמת און איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַראָפּ־נעמען דאָס פּעקל פון דײַנע פּלייצעס, נישט געקוקט אויף דעם וואָס דו האָסט עס אַליין אויף זיך גענומען. איך קוק אויס טעד זאָל שוין פירן מאַשאַן צו דער חופה, כאָטש זי איז נאָך צו יונג חתונה צו האָבן. טעד וועט זי נישט גטן ווען ער וועט זיך דערוויסן אַלץ וועגן איר טאַטן.

דו קאָנסט זיך טראַכטן, אַז טעד איז נאָר אַן אויסרייד, איך זאָל נישט דאַרפן שוין לויפן זיך מודה זײַן. געדענק אָבער, אַז איך האָב דאָס נישט צוגעטראַכט. דו אַליין האָסט מיר געזאָגט, אַז דאָס האָט דיך באַוואויגן צו נעמען די שולד אויף זיך. בײַ אַלע דײַנע ליידן האָסטו אויך די סאַטיספאַקציע, אַז מיט דײַן קרבן האָסטו געראַטעוועט מאַשאַס גליק; ווי קאָן איך ריזיקירן אויך דאָס קאַליע צו מאַכן?

פונדעסטוועגן איז מעגלעך אַז דאָס איז נאָר אַ תּירוץ. דו האָסט זיך מקריב געווען און אויך צוגעשטעלט מיר אַ לײַכטן תּירוץ איך זאָל עס קאָנען אָננעמען.

דו בעטסט מײַן פאַרגעבונג און מאַשאַ זאָל דיר מוחל זײַן. לכל־הפּחות דאָס איז קלאָר: נישט דו ביסט דער וואָס דאַרף בעטן פאַרגעבונג. ס'איז אמת, אַז די לעצטע טעג פאַר דײַן פאַרשווונדן ווערן זענען געווען אַ גיהנום, אָבער איך האָב שוין געהאַט צײַט אַרײַנצוטראַכטן זיך אין דײַן האַנדלונג מיט אַ קילן קאָפּ. דו האָסט געהאַט אַן אימפּולס וואָס האָט געקאָנט קומען נאָר פון ליבשאַפט. דו האָסט ערשט שפּעטער געזען ווי שווער עס איז אויס־צוטראָגן דאָס וואָס האָסט גענומען אויף זיך. דו האָסט אין דײַן אימפּולס אַ לויף געטאָן מיך ראַטעווען, אָבער דו האָסט דעמאָלט נישט געקאָנט וויסן, אַז דײַנע פיס זענען צו שוואַך צו לויפן דעם גאַנצן וועג.

איז וואָס? וואָלט עס בעסער געווען אויב דו וואָלטסט אַפילו נישט געהאַט דעם אימפּולס?

דאָס וואָס איך האָב אָפּגעטאָן אין ניו־יאָרק האָב איך אויך געטאָן אין אַזאַ מאָמענטאַלן אימפּולס, אויס מורא, אַז אויב איך וועל נישט קאָאָפּערירן וועט עס אויסגיין צו זאַשאַס קאָפּ. זאַשאַ האָט עס ווייניקער פאַרדינט בײַ מיר ווי איך בײַ דיר. זי האָט דיך אויסגעביטן אויף מיך, אָבער זי האָט מיך

נישט רעספעקטירט מער ווי דיך, און מיך מאַניפּולירט נישט ווייניקער ווי פריִער דיך.

בײַם אָפּרעדן איינע פון מײַנע ערשטע ראַנדקעס מיט איר, האָב איך נאַיִוו אַ פרעג געטאָן: „און וואָס וועט לעאָן זאָגן?" און זי האָט מיט אַ לאַכעלע געענטפערט: „ווער זאָגט דען, אַז לעאָן דאַרף וויסן?"

„ער וועט דיר אַוודאי באַלד קלינגען. און אויב ער וועט אַפילו נישט קלינגען, נאָר קומען צו דיר גלײַך פון אוניווערסיטעט?"

„וועל איך אים אײַנרעדן, אַז ער דאַרף אַרײַנלייגן מער אַרבעט אין זײַנע עקזאַמענס, אַז ער האָט אַ קאַפּרייטיק, אָדער אַז ער איז שלעפעריק, און כ'על אים שיקן שלאָפן".

זי האָט געלאַכט און איך האָב מיטגעלאַכט. עס האָט זיך מיר שוין גאָר נישט געלאַכט ווען זי האָט מיך געשיקט שלאָפן...

כ'וויל זײַן גערעכט צו איר און טראַכט צוריק. ס'קאָן זײַן, אַז פונקט ווי איך האָב אַרײַנגעהאַקט אַ קלין אין איר קאָפּ ווען כ'האָב געזאָגט אַז כ'בין אימפּאָטענט, האָט זי אַרײַנגעזעצט אַ קלין אין מײַן קאָפּ מיט איר אָפּנאַרן דיך, און דערצו נאָך לאַכן פון דײַן נאַיִוויטעט. „מיך וועט זי נישט קאָנען שיקן שלאָפן", האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין און געהיטן זיך נישט אַרײַנצופאַלן אין נאַיִוויטעט. בין איך אַרײַנגעפאַלן אין חשדים, אפשר אין איבערגעטריבענע חשדים. מײַן צונעמען בײַ דיר זאַשאַן איז געווען מײַן פאַרברעכן וואָס האָט שוין געטראָגן אין זיך די זריעה פון מײַן שטראָף.

איך בין מיט מײַנע מעדיטאַציעס פאַרקראָכן צום סוף. איך וועל נאָך צוריקקומען און דיר דערציילן וואָס עס איז געשען זינט דײַן אַוועקפאָרן ביז מײַן קומען אַהער. איך וועל זיך באַמיִען עס דערציילן מיט פאַקטן און נישט מיט השערות, ווי איך האָב עס געטאָן הײַנט.

דעם 8טן אָקטאָבער

איך האָב איבערגעלייענט וואָס איך האָב געשריבן ביז איצט און בין איבערראַשט פון דעם, וואָס איך האָב דאָ געלייענט. צו מיר אַליין זענען די אַלע געשעענישן נישט געווען אַזוי קלאָר ווי איך דערקלער זיי אין דעם בריוו. איז דאָס האַלטן אַ פּעדער אין האַנט אַ סטימול די אויגן זאָלן קוקן

ווײַטער און זען טיפער? און ווי אַזוי איז עס געשען, אַז איך זאָל אין דעם בריוו זײַן אַזוי עלאָקווענט און האָבן ווערטער אויסצודריקן וואָס איך וויל זאָגן? איך האָב דאָך אַ געליימטע צונג. ווען איך רעד צו אַנדערע, קרעק איך זיך מיט די ווערטער און נעם שטאַמלען, מײַן אידיי בלייבט נישט־דערטראַכט און זיכער נישט־דערזאָגט. ווער שמועסט נאָך ווען איך רעד צו עמעצן אויף וועמען כ׳וויל מאַכן אַ גוטן אײַנדרוק; וואָס מער איך וויל זיך באַווײַזן מיט מײַן גוטער זײַט, אַלץ מער קריכט אַרויס דאָס ערגסטע. פאַר וואָס זאָגט מען אַז ווער עס רעדט צו זיך אַליין איז אַ משוגענער? ס׳איז פונקט פאַרקערט. ווען אַ מענטש רעדט צו זיך אַליין, ווערן לויז אַלע שפּאַנונגען, רײַסט ער זיך אַרויס פון אַלע פאַרדרייעענישן, אַלע צוריקהאַל־טענישן — דאָס זענען זײַנע קלאָרסטע מינוטן. דאָס משוגעת גרײַפט אים אָן ערשט ווען ער פּראָבירט רעדן צו אַנדערע.

פון דעם וואָס איך שרײַב דאָ פאַרשטייסט דו שוין, אַז מײַן צונג האָט מיר ווידער אָפּגעטאָן איינס פון אירע שפּיצלעך. יאָ, דאָס איז טאָקע געשען און אַלע מײַנע אומגעלומפּערטע אברים האָבן צוגעהאָלפן.

דו געדענקסט זיכער דאָס מיידל ביטריס וואָס פירט אָן מיט דער טעלע־פאָן־צענטראַלע אין אונדזער אָפיס. זיכער געדענקסט דו זי, זי האָט דיך געלויבט פאַר מיר. זי האָט מיר דערציילט, אַז כאָטש אַלע אין אָפיס רופן זי „בי״, האָסטו אויסגעפונען איר פאַמיליע־נאָמען און זי טיטולירט: מיס מאַקקאַרמיק. דו האָסט דערמיט געוואָלט אַרויסווײַזן העפלעכקייט, אָבער אין אַמעריקע איז אַ פּיצל פון אַ נאָמען גענוג, טאָמער רופסטו מענטשן מיטן פולן נאָמען ביסטו אַ גרינער, אָדער אַן אָנגעבלאָזן, שטײַף געקראָכמאַליעט העמד, וואָס וויל מיט קיינעם נישט ווערן היימיש.

איך האָב שנעל אַוועקגעוואָרפן די אייראָפּעיִשע פאַרמעלקייט. „בי, בי אַ גוד גוירל——— בי, זײַ אַ גוט מיידל און קריג מיר מיסטער בוירטאָן אויפן טעלעפאָן״, האָב איך זי איין מאָל געבעטן. עס מוז זײַן, אַז דווקא ווײַל זי איז שוין נישט אַזאַ יונג מיידעלע, איז איר געפעלן געוואָרן וואָס איך רוף זי „גוד גוירל״ און יעדער מאָל וואָס איך האָב באַדאַרפט אַ פאַרבינדונג מיטן דרויסן האָט בי אַרײַנגעוואָרפן אַ חכמהלע און איך בין אויך נישט געבליבן הינטערשטעליק.

ווי זאָגט מען עס דאָ: „סאָ פאַר סאָ גוד״, ביז איצט איז אַלץ געגאַנגען כשורה, האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז מיר זענען אייערנעכטן צוזאַמען אַרויס פון אָפיס. ווייסטו דאָך, די טאַרנאָווסקיס זענען העפלעכע מענטשן; מיר זענען גראָד צוגעקומען צום „לאָנטשאָנעט״, האָב איך זי געפרעגט צי זי האָט חשק צו טרינקען אַ טעפּעלע קאַווע. זי האָט גלײַך מסכּים געווען.

ווי מײַן חוש פאַר הומאָר האָט מיר געדינט דורכן טעלעפאָן, אַזוי איז ער נעלם געוואָרן ווען איך האָב זיך אַוועקגעזעצט קעגן איבער איר בײַ אַ טישל מיט אַ טעפּעלע קאַווע. איך האָב געזוכט צו זאָגן עפּעס אַ שפּילעוו־דיק וואָרט, עפּעס פריילעכס, אָבער דער קאָפּ איז געווען ליידיק. מײַן נס איז געווען וואָס בי האָט אַ פּיסקעלע אויף שרויפן און זי האָט וואָס צו דער־ציילן. איך האָב שוין פון פריִער געוווּסט, אַז זי איז דער צענטער פון אַלע אָפיס־רכילותלעך, אָבער איך האָב זיך נישט פאָרגעשטעלט אַז אין אַזאַ אַקטיוון אָפיס מיט אַזוי פיל טעלעפאָנען זאָל זי האָבן צײַט זיך אונטער־צוהערן ווו נאָר זי דערשמעקט, אַז עס וועט זײַן פּיקאַנט. בי ווייסט ווער עס גראָבט אונטער וועמען, ווער עס נאָרט אָפּ וועמען, און אַפילו ווער עס שלאָפט מיט וועמען.

אַז זי האָט גערעדט און גערעדט און איך האָב געזען אַז איך בין נישט מחויב זי אונטערצוהאַלטן מיט אַן אַמוזאַנטן שמועס, איז מיר געוואָרן לײַכ־טער אויפן האַרץ. די גאַנצע שפּאַנונג איז אַוועק און איך בין צוריק געוואָרן האָפּערדיק. עס איז מיר אײַנגעפאַלן אַ שקצישער געדאַנק: כאַפּן אַ פלירט מיט אַ מיידל פון אונדזער אָפיס און עס זאָל בלײַבן אַ סוד איז מעגלעך נאָר מיט בי. זי הערט אונטער אַלעמענס טעלעפאָנען, אָבער זי וועט דאָך נישט טרײַבן רכילות קעגן זיך אַליין. „וואָס זיצן מיר דאָ און מאַכן זיך קאַליע דעם אַפּעטיט מיט אַ זויערער קאַווע און אַן אַלטגעבאַקן דעניש קיכל״, האָב איך פלוצלינג אַ זאָג געטאָן, „לאָמיר צופאָרן ערגעץ עסן אַ ריכטיקן מאָלצײַט״.

„ווו ווילסטו גיין?״

„מיט דיר — אַפילו אין עק וועלט״.

נישט שלעכט פאַר אַ שעמעוודיקן, האַ? זי האָט פאָרגעלייגט אַ כינעזישן רעסטאָראַן. ווען איך האָב זי געפרעגט צי זי האָט אַזוי ליב כינעזיש עסן, האָט זי געענטפערט אַז אין די כינעזישע רעסטאָראַנען איז ביליקער.

ווען אַזאַ ריטער ווי בערנאַרד טאַרנאָווסקי פאַרבעט אַ מיידל אין אַ רעסטאָראַן, ווערט ער נישט זוכן וווּ עס איז ביליק. דערוווּסט זיך אַז זי ווינט אין שיפּסהעד־ביי און געהערט אַז דאָרט איז פאַראַן אַ באַרימטער רעסטאָראַן לונדיס, האָב איך פאַרגעלייגט דעם רעסטאָראַן און זי האָט זיך געפילט דערפון זייער שטאָלץ און געשמייכלט. מע האָט מיר שוין עטלעכע מאָל געזאָגט, אַז ווינען עטלעכע יאָר אין ניו־יאָרק און נישט זײַן אין לונדיס פאַסט גאָר נישט פאַר אַזאַ וועלטלעכן מענטש ווי איך. נו, וועל איך עסן בײַ לונדיס, פאַרזוכן ים־פיש, און עס קאָן מיר געראָטן איך זאָל נאָכן עסן האָבן אַ גוטן צובײַס...

אין סאָבוויי איז געווען ענג, איך האָב געפונען איין זיצפּלאַץ פאַר בײַ און איך בין געשטאַנען נעבן איר. דו ווייסט דאָך וואָס עס טוט זיך אין די סאָבווייס אין די שעהען ווען מע פאָרט אַהיים פון דער אַרבעט. דער וואַגאָן איז שוין געווען איבערגעפּאַקט און אויף יעדער סטאַציע האָבן זיך אַרײַנגעשטופּט נאָך פאַרשוינען און עס איז געווען דערשטיקט צו ווערן. אַז בײַ האָט פּראָבירט עפּעס זאָגן האָב איך עס נישט געהערט, אַזוי גרויס איז געווען דער טומל. איך האָב זיך פאַרענטפערט פאַר וואָס איך האָב נישט בעסער גענומען אַ טאַקסי, אָבער זי האָט נישט געהערט וואָס איך זאָג. בין איך געשטאַנען, ריכטיקער געזאָגט, געהאָנגען איבער איר מיט מײַן האַנט פאַרטשעפּעט אין אַן אָנהאַלט־רימען. איך האָב אַראָפּגעקוקט צו איר און זיך געחידושט וואָס איך האָב ביז הײַנט נישט געזען ווי שיין זי איז. כאָטש זי האָט שוין קנייטשלעך בײַ די אויגן און ליגיעס אויפן האַלדז, איז זי נאָך אַלץ חנעוודיק און אַפילו רייצנדיק. איר שיין פיגורל האָט נאָך יונגע בייגעוודיקייט, די שקצישע אויגן און דער לאָק האָר וואָס זי האַלט אין איין אָוועקשאַרן פון שטערן און ער פאַלט צוריק אַראָפּ איבער די אויגן, גיט איר צו אַ שפּילעוודיקייט וואָס — — —

איך האָב זיך אַליין אַפּלאָדירט פאַר מײַן דרייסטקייט זי צו פאַרבעטן. נאָכן עסן וועל איך זי אָפּפירן אַהיים, נישט אומזיסט האָב איך אויסגעקליבן אַ רעסטאָראַן נאָענט פון וווּ זי ווינט... אויב עס וועט איר אַליין נישט אײַנפאַלן מיך אַרײַנצובעטן אין הויז וועל איך עס פאַרלייגן, און עס וועט גיין אַ גאַנג...

מײַן פֿאַנטאַזיע לויפֿט אַ מײַל אַ מינוט, דאָ וואָלט מען געזאָגט זי איז אַ „לאָנג דיסטאַנס ראַנער". ווען מיר זענען אָנגעקומען צו לונדים, האָב איך שוין געהאַט פֿאַרטיק אַ גאַנצע סטראַטעגיע, פֿון דעם אַריבערטרעטן איר שוועל ביזן אַרײַנשפּרינגען אין איר בעט. אַז דער אײבערשטער וויל שטראָפֿן אַ שלימזל, גיט ער אים פּאַר אַ ווײַלע אַ זיכערקייט אין זיך. איך האָב נישט געהאַט קיין שום ספֿק אין הצלחה און האָב זיך געפֿילט זייער האַפּערדיק.

מחמת איך האָב נישט געהאַט געמאַכט קיין באַשטעלונג, האָבן מיר געמוזט וואַרטן ביז עס וועט לײדיק ווערן אַ טיש; דער הויפּטקעלנער האָט אונדז דערווײַל געשיקט צום באַר. בי האָט באַשטעלט אַ "שרויפּנציער", דאָס איז אַזאַ מין געמישטער קאָקטייל. מיר האָט נישט געפּאַסט צו באַשטעלן אַ ווײַבערישן טרונק. איך האָב געהערט ווי אַ מאַן באַשטעלט אַ „וויסקי סטרייט", האָב איך באַשטעלט דאָס זעלביקע. „מיט אײַז?" האָט געפֿרעגט דער באַרטענדער. כ'האָב נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן, האָב איך איבער־געחזרט: „וויסקי סטרייט".

מלחמה־צײַט האָב איך זיך אויסגעלערנט טרינקען וואָדקע; די וויסקי איז אָבער געווען שטאַרקער און פֿאַרכאַפּט דעם אָטעם, חוץ דעם האָט עס אַ טעם וואָס דערמאָנט מיך אין נאַפֿט, כאָטש כ'האָב קיין מאָל קיין נאַפֿט נישט געטרונקען. אָבער אַז בי האָט באַשטעלט נאָך אײנס און דער באַר־טענדער האָט מיך געפֿרעגט צי איך וויל אויך נאָך אײנס, האָב איך צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ. צום טיש בין איך שוין געגאַנגען אויף וואַקלדיקע פּיס, כ'האָב אָבער געהאָפֿט, אַז דאָס עסן וועט נייטראַליזירן דעם אַלקאָהאָל.

בי האָט באַשטעלט אַ ראַק, איך האָב דאָס נאָך קיין מאָל נישט געהאַט פֿאַרזוכט, האָב איך אויף זיך אַליין אָנגעשריגן, אַז אַ הײַנטצײַטיקער מענטש דאַרף האָבן פּראַקטיק אין אַלעם און אויב עס מוז זײַן אַן ערשט מאָל זאָל עס זײַן הײַנט, און איך וועל נישט אויסזען ווי אַ גרינהאָרן. איך האָב אויך באַשטעלט אַ ראַק.

ווען דער קעלנער איז געקומען און בי אַרומגעבונדן עפּעס אַ גאַווער־פֿאַרטעכל אַרום האַלדז, האָב איך שוין געזען אַז איך בין אַרײַנגעפֿאַלן; ווען ער האָט אויך מיר אַרומגעבונדן אַזאַ פֿאַרטעכל אַרום האַלדז, בין איך שוין געווען ווײַסער ווי דאָס פֿאַרטעכל. איך האָב געקוקט מיט שרעק אויף

די מכשירים וואָס דער קעלנער האָט אַוועקגעלייגט נעבן מיר, פון וואַנען זאָל איך וויסן אַז ראַק עסט מען אַנדערש ווי אַנדערע מינים פיש? איך האָב זיך פּראָבירט טרייסטן: באַלעק, דו ביסט דאָך אַ דזשענטלמען און וועסט וואַרטן זי זאָל די ערשטע אָנהייבן עסן, וועסטו זען וואָס זי טוט און טאָן דאָס זעלביקע.

די עצה איז געווען אַ לאָגישע, אָבער עס טראַכט זיך לײַכטער ווי עס טוט זיך. „נו, וואָס עסטו נישט?" האָט בײַ געפרעגט און איך האָב זיך געמוזט נעמען צו דער אַרבעט. די הענט האָבן זיך געראַנגלט מיט אַ צוואַנגל און מיט אַ האַרט־סקאָרופּעדיקן ראַק אין מײַן טעלער, אָבער די אויגן זענען געווען צוגעקלעפּט צו איר טעלער און צו אירע הענט, צו זען וואָס זי טוט. דו ווייסט דאָך וואָס פּאַר אַ קנאַקער איך בין ווען איך קוק אויף וואָס איך טו, קאָנסטו זיך שוין פאָרשטעלן וואָס עס איז דאָ געשען. אַנשטאָט אַ פּיסל פון דעם שריץ האָב איך שיִער נישט אָפּגעצוואָנגלט מײַנס אַ פינגער, און דער ראַק האָט געהאַלטן אין איין אַרויסשפּרינגען פון מײַנע הענט ווי ער וואָלט נאָך געלעבט.

אַז מײַן ראַק איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד איז נישט געווען דאָס גרעסטע אומגליק, די האַרטע סקאָרופּע עסט מען סײַ ווי נישט, אָבער דער קעלנער האָט געהאַט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש צוויי שיסעלעך מיט וואַ־רעמער צעלאָזענער פּוטער. דאָס וואָלט נישט געווען קיין פּראָבלעם, כ׳האָב שוין באַוויזן צו זען אַז ווי נאָר בײַ קריגט אַרויס פון דער סקאָרופּע אַ שטיקל ראַקפלייש, טונקט זי עס אין דער פּוטער; וואָלט איך שוין געוווּסט אויך צו טאָן דאָס זעלביקע, אויב איך וואָלט אויך באַוויזן אַרויסצוקריגן אַזאַ שטיק פלייש. בײַ האָט ווידער געטונקען אַ שטיקל ראַק אין דעם שיסעלע פּוטער און אַ זאָג געטאָן: „ראַק האָט ליב פּוטער". עס מוז זײַן אמת, ווײַל ווי נאָר זי האָט עס געזאָגט, איז מײַן ראַק אַרויסגעשפּרונגען פון מײַנע הענט און געפאַלן אין דער פּוטער — אין ביס שיסעלע פּוטער. דאָס שיסעלע האָט אויך אַ שפּרונג געטאָן און געפאַלן אויף — — — אויב ראַק האָט ליב פּוטער, האָט פּוטער ליב שיינע מיידלעך. דאָס שיסעלע פּוטער איז געפאַלן אויף איר פאַרטעכל אָבער האָט זיך אַראָפּגעגאָסן ביז אירע קני...

דער קעלנער איז געקומען צו לויפן, ער האָט געבראַכט פאַרטעכלעך

אפצווישן די פוטער פון ביס קלייד און דערנאָך מיר געהאָלפן צעקנאַקן מײַן ראָק.

„נעם זיך נישט צום האַרצן, איך ווין נישט ווײַט פון דאַנען און דאָס קלייד איז פון נײַלאָן; אַ ביסל וואַרעם וואַסער און זייף, און אַלץ וועט זײַן אין אָרדענונג", האָט בי מיך געוואָלט טרייסטן. איך בין איר געווען דאַנקפּול פאַר די טרייסטווערטער, פאַר דעם שמייכלען און פאָרן ווײַטער עסן איר ראָק. איך האָב צוגערוקט צו בי מײַן שיסעלע פוטער און זי האָט עס צוריק־גערוקט צום מיטן טיש, איך זאָל אויך קאָנען טונקען דעריין. אָבער ווער האָט געקאָנט עסן? עס איז מיר געווען שרעקלעך טרוקן אין מויל. אַ ביסן וואָס איך האָב פּראָבירט אַראָפּשלינגען איז געבליבן צוגעקלעפּט צו דער קעל. אַ טרונק וואַסער וואָלט געהאָלפן, אָבער איך האָב שוין געהאַט איבערגעקערט מײַן גלאָז וואַסער נאָך פאַר דעם שיסעלע פוטער.

בי האָט סוף־כל־סוף אָפּגעלעקט דאָס לעצטע ראָקפּיסל, האָב איך אויך אַוועקגערוקט מײַן טעלער. ווי דער קעלנער וואָלט געוווּסט אַז איך חלש אַ טרונק, האָט ער געבראַכט פאַר יעדן פון אונדז אַ שיסעלע וואַסער מיט אַ שטיקל ציטרין, עס וואָלט אַוודאי באַקוועמער געווען צו טרינקען פון אַ גלאָז, אָבער זאָל שוין זײַן פון אַ שיסעלע, אַבי דאָס וואַסער איז פּליסיק און וועט אַראָפּשווענקען דאָס שטיק שרץ וואָס איז געבליבן שטעקן אין מײַן געשלינג. כ'האָב אַ קוועטש געטאָן די ציטרין אין וואַסער אַרײַן און מיט איין גרויסן זופּ אויסגעזויגן דאָס גאַנצע וואַסער פון שיסעלע. ערשט ווען איך האָב אַוועק־געשטעלט מײַן ליידיק שיסעלע און אַ קוק געטאָן צו בי, האָב איך געזען אַז זי טונקט אירע שפּיצפינגערס אין דעם שיסעלע און רייניקט זיי מיט דעם שטיקל ציטרין, דאָס וואַסער איז נישט געווען צו טרינקען, נאָר צו וואַשן די הענט. ס'איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן.

דו ווייסט דאָך, אַז איך בין אַן אַטעיִסט, אָבער איך האָב גענומען בעטן צו אַלע געטער אין דער וועלט בי זאָל נעמען פלאַפּלען, ווי איר שטייגער, אָבער בי האָט געשוויגן. כ'האָב געוווּסט, אַז דאָס בעסטע וואָלט געווען צו פאַרוואַנדלען די גאַנצע זאַך אין אַ שפּאַס. די טאַרנאָווסקיס קענען דאָך אַזוי גוט אָפּלאַכן פון זיך אַליין, איך מוז איבעררײַסן די שטילקייט מיט אַ פּאַסיקן וויץ. אָבער ווי להכעיס זענען אַלע וויצן אַרויסגעפלויגן פון מײַן קאָפּ. כ'האָב

זיך געוואָלט אויפהײַטערן און פּראָבירט זיך אײַנרעדן, אַז דאָ האָט זיך איבערגעחזרט די מעשׂה מיט זאַשאַן ווען מײַן קוואָלפּעדער איז גערונען און פאַרפלעקט איר קלייד מיט טינט. דאָס איז אַ גאָלדענע געלעגנהייט זי אָפּצופירן אַהיים און מכּלומרשט העלפן איר רייניקן איר קלייד, אָבער ווי נאָר זי וועט אויסטאָן דאָס קלייד...

דאָס האָט מיך באַדאַרפט אויפהײַטערן, אָבער איך האָב געפילט ווי צו וויינען. דער קעלנער איז ווידער צוגעקומען פרעגן צי מיר ווילן נאָך עפּעס. בי האָט מער גאָר נישט געוואָלט, איך האָב באַשטעלט קאַווע און קוכן, נישט ווײַל כ׳האָב געוואָלט עסן, נאָר ווײַל כ׳האָב געוואָלט מיר פאַרשטאָפּן דאָס מויל, איך זאָל נישט דאַרפן רעדן. נאָך איידער מע האָט געבראַכט מײַן קאַווע און קוכן, האָט בי דערזען אַ באַקאַנטן און אַ רוף געטאָן צו אים: „ביל, האָסט דאָ דײַן קאַר ?״

ביל איז צוגעקומען צו אונדזער טישל ; ער האָט געהאַט זײַן אויטאָ.

„דו וועסט מיר מוחל זײַן אויב כ׳על שוין אַהיימגיין ? ביל קאָן מיך נעמען אַהיים״.

„כ׳על נאָר באַצאָלן״, האָב איך זיך געבעטן.

„דו האָסט דאָך באַשטעלט קאַווע און קוכן, שטער זיך נישט. דו וועסט וויסן ווי צוצוגיין צום סאָבוויי ?״

„פאַר וואָס זאָל ער נישט וויסן, ס׳איז דאָך באַלד דערנעבן״, האָט ביל געענטפערט פאַר אירעטוועגן. איך בין געבליבן אַן לשון.

אין דעם סאָבוויי אַהיים האָב איך זיך דערמאָנט צענדליקער וויצן וואָס וואָלטן געפּאַסט צו דער סיטואַציע און וואָלטן געראַטעוועט דעם אָוונט. ווען איך בין שוין געווען אויף מײַן געלעגער איז מיר אײַנגעפאַלן, אַז ווען מײַן ראָק איז געפאַלן אין איר זײַט האָב איך געדאַרפט זאָגן, אַז ס׳מוז זײַן אַ מענלעכער ראָק אויב ער שפּרינגט צו אַ שיין מיידל, אָדער גאָר זאָגן, אַז מײַן ראָק האָט געטאָן וואָס זײַן באַלעבאָס האָט חשק געהאַט צו טאָן...

אַליין אין מײַן האַרט, בחוריש בעט בין איך ווידער געוואָרן עלאָקווענט, שפּרודלדיק און אַ גאַנצער וויצלער. יענער יונג, ביל, האָט שוין אַוודאי געשניטן די פּרוכט פון מײַן אָוונט, און איך האָב זיך פּראָבירט טרייסטן אַז די פּראַקטיק פון דעם אָוונט וועט מיר צו ניץ קומען. איצט אַז איך ווייס

שוין ווי אַזוי מען עסט ראַק וועל איך נאָך אַ מאָל פּאַרבעטן בײַ אין דעם זעלביקן רעסטאָראַן, באַמיִען זיך צו זיצן בײַם זעלביקן טיש און ווײַזן ווי שנעל איך האָב זיך אויסגעגרינגט. איך וועל פון פּאָרויס זיך צוגרייטן מיט וויצן פאַר יעדער מעגלעכער געלעגנהייט, איך וועל——— האָט דען נישט בײַ אַליין געזאָגט איך זאָל עס זיך נישט נעמען צום האַרצן? נאָר וואָס דען, דאָס אַדורכגעפּעטסטע קלייד האָט איר דאַקוטשעט, האָט זי געכאַפּט אַ „ליפט" אַהיים. איך וועל מיר נאָך אָפּנעמען ביי בײַ וואָס עס קומט מיר...

איך האָב באַקומען וואָס איז מיר געקומען, ווי נאָר איך בין צו מאָרגנס אַרײַן אין אָפיס. נאָך איידער איך האָב זיך אָוועקגעזעצט בײַ מײַן שרײַבטיש, האָט דער טעלעפאָן גענומען קלינגען; אַ פרויען־קול, נישט בײַס קול, האָט געפרעגט צי איך האָב ליב ראַק. איך האָב פאַרגראָבן מײַן קאָפּ אין די פּאַפּירן אויף מײַן שרײַבטיש, און האָב געוווסט אַז דער גאַנצער אָפיס לאַכט פון מיר אין די פויסטן אַרײַן.

כ'ווייס נישט פאַר וואָס איך האָב געפּטרט אַזוי פיל צײַט און פּאַפּיר דיר צו באַשרײַבן די גאַנצע ראַק־טראַגי־קאָמעדיע. אַ מענטש מוז אַ מאָל פאַר עמעצן זיך אַראָפּרעדן פון האַרץ. מאַשאַ איז פיזיש אַ פאָלגע פרוי, אָבער זי איז נאָך אַ קינד. מיט טעדן בין איך נאָך אַלץ נישט געוואָרן צו היימיש. אפשר האָב איך געדאַרפט בלײַבן אין לעמבעריק. אַמעריקע איז אַ טײַער לאַנד, אָבער מיר האָט עס קיין גוטן מזל נישט געבראַכט און דיר אויך נישט. אָבער לאָמיך צוריקקערן צו דעם וואָס איך האָב דיר געוואָלט דערציילן.

וועגן דער קורצער צײַט פון סאָוויעטישער אָקופּאַציע איז נישט פאַראַן קיין סך צו דערציילן. אַנשטאָט טיילן די דירה מיט פרעמדע, האָב איך און זאַשאַ זיך אַרײַנגעצויגן צו דער מאַמען. כ'ווייס אַליין נישט צי עס איז געווען דער מאַמעס אויסטויגערישקייט אָדער אַ צופאַל, אָבער די נײַע עליטע איז געקומען צו דער מאַמען היילן די ציין. אויב איך געדענק ריכטיק, האָט זאַשאַ די ערשטע געבראַכט צו איר אַ רוטענער וואָס איז איצט געזעסן אין זאַטל. דאָס אַלץ האָט געהאָלפן מיר זאָלן קאָנען האָבן פאַר זיך אַליין אַזאַ גרויסע, שיינע דירה. קיין פרנסה האָט אויך נישט געפעלט.

די דײַטשן האָבן פאַרנומען לעמבעריק קנאַפּע צוויי יאָר נאָך דײַן

אַוועקפאָרן. דריַי טעג שפּעטער האָבן זיי אָנגעהויבן הרגענען ייִדן. דריַי חדשים שפּעטער האָט מען אַרויסגעטריבן די ייִדן פון זייערע היימען. הונדערט און זעקס און דריַיסיק טויזנט נפשות האָט מען אַריַינגעשטופּט אין אַ געטאָ וואָס איז געווען ווי אַ שטיַיג, אַרומגעצוימט מיט שטעכיקער דראָט. אַ פופצן ביז צוואַנציק מענטשן האָט מען אַריַינגעשטופּט אין איין צימער. אָרעמע מאַמע! די שטראָף פאַר בליַיבן אויסערן געטאָ איז געווען טויט, איז די מאַמע אַוועק פון איר גרויסער, גערוימער, אויסגעפּוצטער דירה וווינען אין אַ שטיקל פון אַ חורבהדיקער שטוב.

אפשר דאַרף איך זאָגן „אָרעמער איך". איך בין נישט אַריַין אין געטאָ. מיר זענען אַרויס פון דער מאַמעס דירה ווו אַלע האָבן אונדז געקענט און אַריבער אין אַן אַנדער דירה אין אַנדערן עק שטאָט פון וואַנען מע האָט אַרויסגעטריבן ייִדן. אין דער דירה איז געווען נישט שלעכט, אָבער דרויסן איז אָנגעגאַנגען אַ כסדרדיקער געיעג נאָך פאַרשטעלטע ייִדן.

די מאַמע האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז זי האָט פּראָטעקציע אין יודענראָט און קאָן אַדורכפירן איך זאָל אָנגענומען ווערן אין אָרדענונגס־דינסט, אַזאַ מין ייִדישע פּאָליציי, און זיַין באַפריַיט פון צוואַנגאַרבעט. די פּראָפּאָזיציע האָט מיך געלאָקט, עס איז נישט לײַכט צו לעבן אין כסדרדיקער טויטשרעק, אָבער זאָשאַ האָט מיך נישט געלאָזט.

צווישן דער אוקראַיִניש־רוטענישער באַפעלקערונג זענען געווען די וואָס האָבן געהאַט געגלייבט, אַז די סאָוויעטן מיט זייער אוקראַיִנישער רעפּובליק וועלן דערפילן די אוקראַיִנישע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס; זיי האָבן מיטגעאַרבעט מיט די רוסן ווען זיי האָבן אָנהייב מלחמה באַזעצט לעמבעריק. געווען אַנדערע, וואָס האָבן געהאָפט אַז די דיַיטשן וועלן נאָך דער מלחמה זיי געבן אומאָפּהענגיקייט, און מיטגעאַרבעט מיט די דיַיטשן. געווען אויך סתם אָפּאָרטוניסטן וואָס האָבן נאָר געזוכט ווו אָפּצולעקן אַ פעט ביינדל און געדינט יעדן וואָס האָט געצאָלט אַ גוטן פּריַיז. זאָשאַ האָט דעמאָלט נישט געהערט צו קיין איינער פון די גרופּעס, אָבער האָט אין אַלע פון זיי געפונען באַקאַנטע, אַפילו צווישן די אַסקאַרס, די אוקראַיִנישע הילף־פּאָליציי וואָס האָט געהאַלטן וואַך בײַם לאַגער אויף יאַנאָווסקאַ־גאַס און בײַ די דראָטן אַרום געטאָ.

ווער האָט אין אויסגעהונגערטן געטאָ זיך געקאָנט דערלויבן צו היילן

די ציין? אויב די מאַמע וואָלט געדאַרפט אויסקומען פון אירע פאַרדינסטן און לעבן פון די אָפיציעלע שפּייַזראַציעס, וואָלט געווען ביטער. אָבער פאַרן גיין אין געטאָ האָט די מאַמע מיר געגעבן צו באַהאַלטן פאַר איר צוויי קעסטעלעך. אין איינס האָט זי געהאַט געלט און צירונג, אין דעם אַנדערן — דאָקומענטן. ווען די מאַמע האָט דיר געגעבן אויף הוצאות קיין אַמעריקע האָב איך געמיינט, אַז זי האָט זיך אויסגעבייַטלט ביזן לעצטן גראָשן, אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי האָט נאָך געהאַט אַ שפּאָר ביסל געלט אין אויסלענדישער וואַליוטע. זי האָט מיר געוויזן וויפל זי האָט און מיר געגעבן דעם שליסל צום קעסטעלע. דאָס קעסטעלע מיט דאָקומענטן האָט זי נישט געעפנט און מיטגענומען דעם שליסל מיט זיך. וועגן דעם קעסטעלע וועט מיר נאָך אויסקומען דיר צו שרייַבן.

אויסערן געטאָ האָט גאַרנישט געפעלט און זאָשאַ האָט געפונען אַן אופן ווי אַזוי אַרייַנצושיקן אין געטאָ שפּייַז פאַר דער מאַמען. זי האָט געשלאָסן קענטשאַפט מיט אַן אָסקאַר וואָס האָט יעדן טאָג באַגלייט אַ גרופּע ייִדן אַרויס פון געטאָ צו דער אַרבעט, און צוריק אַרייַן אין געטאָ נאָך דער אַרבעט. זאָשאַ האָט אים געזאָגט אַז זי האַנדלט מיט אַ שותּפטע אין געטאָ און אויב ער וועט אַרייַנפירן די סחורה, וועט ער באַקומען אַ חלק פון רווח. דער שגץ האָט נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס די יעזוּרעיקע שיקט נישט צוריק דורך אים דאָס געלט פאַר דער פאַרקויפטער סחורה, אָבער דער „חלק רווח״ וואָס זאָשאַ האָט אים געגעבן, האָט אים, ווייַזט אויס, צופרידנגעשטעלט.

כאַפּעניש אַוועקצושיקן אין לאַגערן און שיסערייַען אין געטאָ, מאַסן־הריגות אין לאַגער אויף יאַנאָווסקאַ־גאַס. מע האָט געזאָגט, אַז אין וואַרשע איז בעסער און פאַר צוויי טויזנט זלאָטעס האָט מען זיך געקאָנט אַריבער־שמוגלען קיין וואַרשע. די מאַמע האָט געזאָגט, אַז עס איז נישט כּדאַי אייַנ־צושטעלן דאָס לעבן בלויז כּדי אַריבערצוגיין אין אַן אַנדער געטאָ. זי האָט שוין אייַנגעזען, אַז זייַן אין אַ געטאָ איז נישט ווייניקער געפערלעך ווי די סכּנה פון געכאַפּט ווערן אויסערן געטאָ און — דו געדענקסט מאַרישאַן, די דינסט? זי האָט אַרייַנגענומען די מאַמע, מיר האָבן באַצאָלט דערפאַר.

איך שרייַב „מיר״, אָבער געטאָן האָט עס זאָשאַ. זי האָט געמאַכט אַלע אַראַנזשירונגען אַרויסצונעמען די מאַמע פון געטאָ און ברענגען זי צום

באַהעלטעניש. איצט האָבן מיר שוין געהאַט צײַט צו זוכן פאַר איר אַרישע דאָקומענטן מיט אַ פּוילישן נאָמען. עס האָט געמוזט זײַן אַ פּוילישער נאָמען, דער מאַמעס אוקראַיִניש איז נישט געווען אַזוי גוט ווי איר פּויליש.

אייגנטלעך איז דער מאַמעס ריכטיקער נאָמען אויך געווען נישט שלעכט. פעליציאַ טאַרנאָווסקאַ קלינגט עכט פּויליש, נאָר אויב מע וואָלט געקוקט אין איר מעטריקע וואָלט מען געזען אַז איר טאַטע האָט געהייסן בערעק שפּיצבערג. זאָשאַ האָט סוף־כּל־סוף באַוויזן צו קויפן פאַר איר עכטע פּאַפּירן מיט אַ קירכלעכער באַשטעטיקונג אויפן נאָמען זאָפיאַ פּיליכאָווסקאַ. די אמתע זאָפיאַ פּיליכאָווסקאַ איז שוין נישט געווען צווישן די לעבעדיקע, אָבער איר טויט איז נישט פאַרשריבן געוואָרן אין די ציווילע ביכער.

איך שרײַב דיר וועגן דעם אַלעם כאָטש עס איז גאָר נישט אויסערגעוויינלעך; דאָס איז, מער־ווייניקער, די געשיכטע פון יעדן ייִד וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַן אַריער. איך וויל נאָר אונטערשטרײַכן, אַז דאָס אַלץ האָט זאָשאַ געטאָן פון איר אייגענער איניציאַטיוו. זאָשאַ איז אויך געווען די וואָס האָט זיך אַקעגנגעשטעלט, די מאַמע זאָל ווױנען צוזאַמען מיט מיר; זי האָט געזאָגט אַז דאָס וועט פאַרטאָפּלען די סכּנה פאַר יעדן איינעם פון אונדז, און דאָס איז געווען ריכטיק. עס איז געווען גענוג מע זאָל מיך הײסן אַראָפּלאָזן די הויזן און קיין שום אַרישע פּאַפּירן וואָלטן שוין נישט געהאָלפן.

טאַקע ווײַל אַזאַ סכּנה האָט עקסיסטירט האָבן מיר, אין מײַן פאַל, זיך נישט צו פיל פאַרלאָזט אויף דאָקומענטן. הײַנט טראַכט איך, אַז דאָס איז געווען לײַכטזיניק, אָבער איך האָב זיך באַנוצט מיט מײַן ריכטיקן נאָמען. אין די ציווילביכער איז טאַקע געווען פאַרשריבן אַז איך בין פון „משהס גלויבן", אָבער אויב עס וועט שוין האַלטן בײַ זוכן, קאָנען זיי אויסגעפינען וועגן מײַן ייִדישקייט נענטער ווי אין ציווילאַמט...

ווי אַזוי כ'האָב געקאָנט זיך באַנוצן מיט מײַן ריכטיקן נאָמען? אַ צופאַל האָט געפּשרט מײַנע דאָקומענטן און אפשר געראַטעוועט מײַן לעבן. דו קענסט זיך גאָר נישט פאָרשטעלן ווי אין יענע טראַגישע טעג זענען צופאַלן געוואָרן גורלדיק און טייל מאָל געוואָרן דאָס צינגל פון דער וואָגשאָל און דעצידירט צווישן לעבן און טויט.

דו געדענקסט זיכער, אַז ווען איך האָב זיך פאַרבונדן מיט זאָשאַן האָט

קיינער פון אונדז נישט געביטן די רעליגיע און מיר האָבן געמוזט פאַרן קיין דאַנציק, ווו מע פרעגט נישט וועגן רעליגיע. דו געדענקסט אַוודאי אויך, אַז מײַן פולער נאָמען איז יאַן בערנאַרד טאַרנאָווסקי (אַוודאי נאָך אַ זיידן יאָשע־בער); אין שול האָט מען פאַרשריבן נאָר „יאַן". פון דער שול צו דער גימנאַזיע, און פון דאָרט צום אוניווערסיטעט האָבן שוין אַלע לעגיטי־מאַציעס און דיפּלאָמען געהאַט נאָר דעם נאָמען „יאַן" אָן דעם מיטל־נאָמען. אין דאַנציק בײַם אַרויסנעמען מײַנע חתונה־אַקטן האָב איך געהאַט מיט זיך מײַן מעטריקע, אָבער דער באַאַמטער האָט געפאָדערט אַ דאָקומענט מיט אַ פאָטאָגראַפיע. איך האָב אים געגעבן מײַן אוניווערסיטעט־לעגיטימאַציע, און טאַקע פון דער לעגיטימאַציע האָט ער פאַרשריבן מײַן נאָמען. יאַן טאַר־נאָווסקי וואָלט אויך געווען נישט שלעכט, אָבער דער באַאַמטער איז געווען אַ דײַטש און איך האָב גערעדט מיט אים דײַטש. ער האָט אַנשטאָט „יאַן" געשריבן „יאָהאַן". איך האָב געוויזן מײַן חתונה־אַקט בײַם אַרײַנצײַען זיך אין דער נײַער דירה, בײַם אַרויסנעמען ראַציע־קאַרטעס פאַר מיר מיט זאָשאַן. יאָהאַן טאַרנאָווסקי איז געבליבן מײַן נאָמען אויך אויף מײַן אידענ־טיפיקאַציע־קאַרטל און אַרבעט־קאַרטע, אַרויסגעגעבן דורך דער דײַטשישער אָקופּיר־מאַכט. איין דײַטשישער באַאַמטער האָט פּראָבירט מיך איבערצײַגן, אַז אויב מײַן נאָמען איז יאָהאַן, בין איך זיכער אַ „פאָלקס־דויטשע" און איך דאַרף זיך מעלדן פרײַוויליק אין דער „וועהרמאַכט".

דעם 29סטן אָקטאָבער

איבערגעלייענט וואָס כ'האָב געשריבן ביז איצט און זע, אַז כאָטש איך וויל שוין קומען צום עיקר, ווער איך ווידער און ווידער פאַרפּלאָנטערט אין דיגרעסיעס. דער עיקר האָב איך דיר געוואָלט שרײַבן ווי אַזוי עס איז געקומען צו דעם אַז איך זאָל קומען קיין אַמעריקע און זאָשאַ זאָל בלײַבן אין לעמבעריק. אָבער אַז איך האָב שוין אָנגעהויבן שרײַבן וועגן דער מאַמען מוז איך דיר שוין שרײַבן וואָס עס איז געשען מיט איר.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די „אידעאַלע" באַהעלטעניש פאַר דער מאַמען איז גאָר נישט געווען אַזוי אידעאַל. מאַרישאַס אַ זון האָט געהאַט לינקע סימפּאַטיעס און עס איז אָנגעקומען צו די דײַטשן. אין איין העלן טאָג

האָבן די דײַטשן אַרומגערינגלט דאָס הויז און געמאַכט אַ רעוויזיע. דער מאַמעס דאָקומענטן האָבן אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, אָבער דעם זון האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך. זיי האָבן אים שפּעטער באַפרײַט, אָבער סײַ ער, סײַ די מאַמע האָבן דערפילט אַז זי דאַרף זיך אַרויסציִען.

די מאַמע האָט באַשלאָסן, אַז דינגען אַ צימער אויף איר אייגענעם, איצטיקן נאָמען און זײַן אָפיציעל פאַרשריבן אין הויז־רעגיסטער איז בעסער ווי זײַן באַהאַלטן, און דאָס איז טאַקע געווען ריכטיק. אָבער אַ סך לעמבע־ריקער ייִדן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויסערן געטאָ אויף פאַלשע פּאַפּירן. יעדער נײַער אײַנוווינער האָט זיך געדאַרפט באַווײַזן אַז ער, ווי אַלע אַנדערע, גייט יעדן טאָג צו דער אַרבעט, באַקומט בריוו און נעמט אויף געסט קרובים. מיר האָבן אַראַנזשירט וואָס מע האָט געקאָנט. זאָשאַ איז געגאַנגען צו דער מאַמען צו גאַסט און אויך זאָשאָס מוטער האָט זיך אַ מאָל אַרײַנגעכאַפּט. איך און זאָשאַ האָבן געשריבן בריוו, איבערגעשיקט די בריוו קיין סאָקאָלניק צו זאָשאָס באָבע און פון דאָרט זענען זיי געשיקט געוואָרן דורך פּאָסט צו דער מאַמען. אָבער אַרויסגיין האָט זי געמוזט אַליין, ווי יעדער נאָרמאַלער בירגער, מיט דעם אונטערשיד וואָס אַנדערע זענען טאַקע געגאַנגען צו דער אַרבעט. אָבער די מאַמע האָט דערווײַל נישט געהאַט קיין פּאָסטן און האָט פּשוט זיך אַרומגעדרייט אין די גאַסן.

אין איין העלן, אָדער פינצטערן, טאָג איז זי אַרויס אין גאַס און שפּעטער געבראַכט געוואָרן אַהיים דורך אַן אוקראַיִנישן פּאָליציאַנט; אַזוי האָט זאָשאַ זיך דערוווּסט פון די שכנים. דער פּאָליציאַנט האָט זי דערנאָך אַוועקגעפירט און זי איז מער נישט צוריקגעקומען.

די מאַמע האָט נישט געהאַט קיין ספּעציפיש ייִדישן אויסזען; ווי אַזוי האָט דער פּאָליציאַנט דערקענט, אַז זי איז אַ ייִדישע? האָט אַ פאַרמלחמה־דיקער פּאַציענט זי דערקענט און געמסרט? אפשר איז עס גאָר געווען יענער פּאָליציאַנט מיט וועמען זאָשאַ האָט געשיקט שפּײַזפּעקלעך צו דער מאַמען אין געטאָ אַרײַן?

אַז דער פּאָליציאַנט האָט צו ערשט זי געפירט אַהיים, האָט ער געוואָלט געלט. בײַ מיר האָט זיך געפונען איר געלט און אירע ווערטזאַכן. האָט זי מורא געהאַט אים ברענגען צו מיר טאָמער וועט ער אָנהייבן צווייפלען

אויך אין מײַן גוייִשקייט? דו פֿאַרשטייסט וואָס דאָס מיינט? אַז די מאַמע האָט אפֿשר געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך צו ראַטעווען, אָבער נישט אויסגענוצט די מעגלעכקייט אויס מורא, אַז דאָס קאָן מיר ברענגען שאָדן.

גוט אַז איך בין נישט אַרײַנגעפֿאַלן אין אַזאַ נסיון. איך וויל זײַן ערלעך, גוט און געטרײַ, אָבער ווען מע שטייט פּנים צו פּנים מיטן טויט, האָט נישט יעדער דעם כּוח צו זײַן דאָס וואָס ער וויל זײַן... אַז מע האָט מיך געקאָנט אַרײַנצִיִען אין אַ שפּיאָנאַזש־אַפּערע קעגן אַמעריקע, איז עס דער בעסטער סימן אַז מײַן ווידערשטאַנד־פֿעיִקייט איז נישט זייער גרויס.

איך האָב אָנגעהויבן מיט שרײַבן וועגן דער מאַמען נישט כּדי דיר צו ווײַזן דער מאַמעס גרויסקייט, נאָר כּדי דיר צו דערציילן וויפֿל זאַשאַ האָט פֿאַר איר געטאָן. און, ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען, איך האָב קודם דיר געוואָלט דערציילן אַ ביסל גוטס וועגן זאַשאַן איידער איך נעם דערציילן וועגן איר שלעכטס. איז עס ווײַל איך באַמי זיך צו זײַן אָרנטלעך צו איר? אפֿשר וויל איך דו זאָלסט זי קענען פֿון דער גוטער זײַט, כּדי דו זאָלסט אָנשרײַען אויף מיר און מיר זאָגן, אַז אַלע מײַנע טענות צו איר זענען באַזירט אויף אויסדאַכטענישן פֿון אַ קראַנקער פֿאַנטאַזיע?

נאָך דעם אומגליק מיט דער מאַמען האָב איך אויפֿגעהערט אַרויסגיין אין גאַס. אַזוי פֿיל מענטשן קענען מיך פֿון שול, פֿון אוניווערסיטעט, פֿון זאַשאַס קלובן. וואָס ווייס איך וועט עס וועט מסרן? זאַשאַ איז געגאַנגען צו דער אַרבעט, זאַשאַ איז געגאַנגען אײַנקויפֿן, זאַשאַ איז סתּם אַזוי אַרויסגע־גאַנגען און איך האָב מורא געהאַט אַרויסצושטעקן די נאָז.

געזעסן אין דער היים און נישט געהאַט וואָס צו טאָן, האָב איך זיך דערמאָנט אין דער מאַמעס קעסטעלע מיט דאָקומענטן. ס'איז געווען אַ הילצערן קעסטעלע, נישט שווער געווען עס אויפֿצוברעכן.

אין דעם קעסטעלע האָבן זיך געפֿונען דעם טאַטנס בריוו. דו געדענקסט דאָך דער מאַמעס פּערפֿעקטע אָרדענונג. די בריוו זענען געווען אויסגעסדרט לויט די דאַטעס פֿון זינט זיי האָבן אָנגעהויבן זיך איבערשרײַבן ביז זײַן לעצטן בריוו פֿון פֿראָנט. דער לעצטער בריוו האָט מיך גאָר דערשיטערט, אפֿשר ווײַל מײַן גורל האָט אָנגעהויבן ווערן ענלעך צו זײַנעם, אָבער לאָמיך נישט כאַפּן די פֿיש פֿאַר דער נעץ...

פון וואָס די מאַמע האָט דערציילט וועגן טאַטן געדענק איך נאָר, אַז ער האָט געהאַט צוויי לינקע הענט ווי איך. פון די בריוו האָב איך געזען ווי שטאַרק ער האָט געקאָנט ליב האָבן, ווי טיף ער האָט געקאָנט ליידן און ווי לעבעדיק ער האָט געקאָנט דאָס אַרויסברענגען אויפן פּאַפּיר.

איך האָב דאָס קעסטעלע מיט בריוו געבראַכט מיט זיך קיין אַמעריקע. פאַר וואָס איך האָב זיי דיר נישט געוויזן? אפשר ווייַל דו האָסט שוין געהאַט טענות צו דער מאַמען אַן דעם. כ׳טראַכט איצט אַז איך האָב נישט געהאַט קיין רעכט עס צו באַהאַלטן פון דיר.

אַ ציניקער וועט אפשר אָפּלאַכן פון דער נאַיִווער ראָמאַנטישקייט אַנהייב אונדזער יאָרהונדערט. דאָ אין אַמעריקע איז דער גאַנצער ענין ליבע שוין אַרויס פון דער מאָדע. אָבער לאָמיך צוריקקערן צו די בריוו.

דער טאַטע האָט געמוזט קענען אַ סך פּאָעטישע ווערק פון אויסנווייניק, אויב נישט האָט ער געמוזט אַרייַנלייגן אַ סך אַרבעט אין צוגרייטן זייַנס אַ בריוו. די בריוו זענען אָנגעפּיקעוועט מיט ציטאַטן פון פּוילישער, רוסישער און דייַטשישער פּאָעזיע. עס זענען אַפילו פאַראַן ציטאַטן אין לאַטייַן.

מן־הסתם ווייסט דו אַז דער טאַטע איז געווען אַ לערער. ער האָט אָנגע־הויבן ווי אַ לערער אין אַ פאָלקשול. די קינדער האָבן באַלד דערשנאַפּט, אַז ער איז אַ גוטער און אים געקראָכן אויפן קאָפּ. ער האָט גערעדט צו דעם קלאַס און די תלמידים האָבן גערעדט צווישן זיך. דער שול־דירעקטאָר האָט אים געוואָרנט, אַז ער מוז אייַנפירן דיסציפּלין, עס איז אָבער געווען צו שפּעט. פון כּעס אָדער פאַרצווייפלונג האָט ער גענומען באַשטראָפן מיט קלעפּ און ס׳איז געוואָרן אַ שינאה־ און להכעיס־שפּיל צווישן אים און זייַנע תלמידים. עס איז געקומען דערצו, אַז ער האָט אַליין זיך אָפּגעזאָגט פון פּאָסטן.

די מאַמע איז געקומען פון אַ רייַכער היים, פאַרמעגלעכע ווינער ייִדן וואָס די געשעפטן האָבן זיי געבראַכט קיין לעמבעריק. זי איז געווען געוווינט צו אַ באַקוועם לעבן און ער האָט עס איר נישט געקאָנט געבן. ווען ער האָט פאַרלוירן דעם פּאָסטן, האָט די מאַמע שוין אָנגעהויבן פּראַקטיצירן דענ־טיסטיק און שוין אַ ביסל פאַרדינט. דאָס וואָס זי האָט יאָ פאַרדינט איז אויך נישט גוט געווען, זי האָט אפשר פאַרלוירן דעם דרך־ארץ צו אים. אַז ער

האָט פאַרלוירן דעם דרך־ארץ צו זיך אַליין, ווייס איך פון זײַנע בריוו.

אין דעם קעסטעלע זענען אויך פאַראַן דער מאַמעס בריוו צו אים פון די ערשטע צײַטן. די שפּעטערדיקע האָט דער טאַטע אוודאי געהאַט מיט זיך, אַחוץ זי האָט נישט געשריבן.

האָט זי פאַרשטאַנען, אַז מיט זײַנע טענות צו איר איז ער אויסן נאָר אַרויסצוקריגן בײַ איר אַ גוט וואָרט? אַז ער רעדט שלעכטס וועגן זיך אַליין נאָר כּדי זי זאָל עס דערווידערן? האָט זי אים ליב געהאַט נישט געקוקט אויף זײַנע דורכפאַלן?

ווען דער טאַטע איז געפאַלן, איז זי געווען אין די הויכע צוואַנציקער יאָרן, יונג און אַטראַקטיוו; פאַר וואָס האָט זי נישט חתונה געהאַט אַ צווייט מאָל? קאָן עס זײַן, אַז זי האָט אים נישט געקאָנט פאַרגעסן? איז עס געווען מחמת אַ שולדגעפיל לגבי אים? איז עס געווען פון גרויס געטרײַשאַפט צו אונדז, נישט געוואָלט אונדז געבן אַ שטיפטאַטע?

די דיסציפלין און קאָנטראָל איבער אייגענע עמאָציעס, וואָס זי האָט פאַרלאַנגט פון אונדז, האָט זי אויסגעפירט בײַ זיך אַליין.

און אפשר איז זי געווען אַ קאַלטע, שטײַפע יעקעטע וואָס ווייסט בכלל נישט פון עמאָציעס? ניין, דאָס קאָן נישט זײַן. ווּעסט לייענען אירע ערשטע בריוו צום טאַטן. קורץ, זאַכלעך, און מיט אַ סדר ווי אין אַ געשעפטבריוו, אָבער דאָ און דאָרט הערט זיך אָן עכאָ פון דעם וואָס דער טאַטע האָט געפילט צו איר.

פאַרגעסן דיר שרײַבן, אַז דעם טאַטנס מאַגיסטער־טיטל האָט אים גע־האָלפן באַקומען אַ פּאָסטן אין אַ גימנאַזיע. ער האָט געלערנט ליטעראַטור מיט די העכערע קלאַסן. דאָ האָט מען אים פאַרשטאַנען. זײַן ענטוזיאַזם האָט אָנגעשטעקט די סטודענטן און זיי האָבן אים ליב געהאַט. עס האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהייט, ווען ער האָט פאַרטרעטן אַ קראַנקן פּראָפעסאָר אויפן יאַגעלאָנסקי־אוניווערסיטעט, האָט ער אַזוי אויסגענומען, אַז מע האָט אים צוגעזאָגט אַ פּאָסטן אויב ער וועט זיך נעמען אַרבעטן אויף אַ דאָקטאָראַט. ער האָט טאַקע אָנגעהויבן אַרבעטן דאַרויף, האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און אַלץ צעשטערט.

אפשר קאָנסטו בעסער פאַרשטיין פאַר וואָס די מאַמע האָט מער נישט

חתונה געהאַט, דו ביסט דאָך אַזוי ענלעך צו איר, און דו ביסט דאָך אויך געבליבן אַליין נאָכן איבעררײַסן מיט זאַשאַן. איך בין זיכער, אַז האָסט געהאַט בעלנים. וואָס קאָן אַ קינד וויסן וועגן דער ווײַבלעכקייט פון דער מאַמען, אָבער כ׳בין זיכער אַז זי איז געווען געגוג שיין עס זאָלן זײַן בעלנים. לייען אַ פּאָר שורות פון דעם טאַטנס אַ בריוו נאָך איידער זיי האָבן זיך פאַרבונדן.

„פּעלוש טײַערע,

זינט דו ביסט אַוועקגעפאָרן זענען מײַנע טעג ליידיק, אָבער איך בין פול, פול מיט דיר. אין אונדזער וועלט מיט חסרונות, ביסט דו אפשר די איינציקע פערפעקציע. די פּראָפּאָרציע פון דײַנע גלידער פּאָרט זיך מיט דער געוויגנקייט און געמאָסטנקייט פון דײַן שׂכל. דער ריטעם פון דײַן אָטעם, די גראַציע פון דײַן גאַנג און די קלאָרקייט פון דײַן געדאַנק — איין גאַנצקייט, אַ צוזאַמענשפּיל אין איין האַרמאָניע״.

דאָ קומט אַ לאַנגער ציטאַט אין לאַטײַנישע פּערזן.

ווען איך קאָפּיר די שורות זע איך, אַז עס איז מליצה. אָבער ווען מע לייענט אַ גאַנצן בריוו, ווער שמועסט נאָך אַז מע לייענט אַלע בריוו, איז עס דראַמע.

„ווײַס איז דאָס קעלנערל פון דײַן בלוזקעלע, שניי־ווײַס. צוויי וואָכן זענען שוין אַוועק זינט מיר האָבן זיך געזען און איך פלאַטער נאָך אַלץ צוזאַמען מיט די שפּיצלעך אין דעם בלוזקע־קעלנערל וואָס באַרירן דײַן האַלדז. ווען דו ביסט דאָ געווען האָט גראָד מײַן פּנים זיך צעבליט מיט יוגנט־בלעטערלעך און איך האָב זיך נישט דערוועגט צובייגן מײַן פּרצוף צו דײַן זיס פּנים מיט די סימעטרישע ליניעס און דער פרישער, איידעלער, זײַדענער הויט. קוש איך דיך פון ווײַטן און ליב דיך און באַוווּנדער דיך און בענק, און בענק, און בענק...״

דער טאַטע איז געווען אַ פּאָעט מיט אַ גאָלדן האַרץ און ליימענע הענט. די מאַמע האָט נישט געקאָנט נישט זען זײַן אומגעשיקטקייט. אין אָנהייב

האָט זי אפשר נאָר גוטמוטיק געלאַכט, שפּעטער האָט זי זיך גענומען אים איבערמאַכן. מעטאָדיש, כּסדר און מיט עקשנות האָט זי אָנגעוויזן אויף זײַן יעדן חסרון און געלערנט אים ווי עס אויסצומײַדן. „אַז מע קוקט ווו אַוועק־צושטעלן ס׳גלאָז און מע קוקט ווו מע שטעלט עס, פאַלט עס נישט אַראָפּ״.

מן־הסתּם האָט ער געקוקט, ער האָט זי דאָך ליב געהאַט, אָבער דאָס גלאָז איז סײַ ווי אַראָפּגעפאַלן. איך בין חושד, אַז עפּעס איז געווען נישט אין אָרדענונג מיט זײַנע אויגן. מיר האָט מען טויזנט מאָל געוויזן ווי צו כאַפּן אַ באַלעם און איך האָב עס זיך קיין מאָל נישט אויסגעלערנט. דו ביסט קורצזעיק, מיר איז שווער אָנצוצילעווען די אויגן אויף איין פּונקט; דער טאַטע האָט, דאַכט זיך, געליטן פון ביידע. דײַן חסרון האָט די מאַמע פאַר־שטאַנען און דיך גענומען צו אַן אויגן־דאָקטער. מע זאָגט, אַז מײַנעם קאָן מען אויך אויסבעסערן, אָבער די מאַמע האָט געהאַלטן, אַז מע דאַרף נאָר וועלן און קאָנצענטרירן זיך אויף וואָס מע טוט. ווי זאָגט מען עס: דער געזונטער גלייבט נישט דעם קראַנקן אַז ער איז שוואַך, נאָר איז חושד, אַז ער פוילט זיך.

אין די אויסגעשטראָכענע שורות וואָס דו זעסט דאָ, האָב איך פּראָבירט דיר שרײַבן וועגן דעם טאַטנס לעצטן בריוו. עס איז אָבער אַרויסגעקומען אַזוי בלייך קעגן זײַנע אייגענע שורות. כ׳וועל בעסער קאָפּירן פון זײַן בריוו.

„פּעלוש,

כ׳בין נאָך אין לעמבעריק. כ׳זיץ דאָ אין וואַרטזאַל פון דער באַנסטאַציע און וואַרט. ס׳איז מלחמה און ס׳הערשט אַ צעמישעניש, עס קאָן נעמען די גאַנצע נאַכט ביז דער צוג וועט קומען און אפשר נאָך לענגער. אַ נאָרמאַלער פּאַסאַזשיר־צוג שטעלט זיך אָפּ אויף אַ שעה און לויפט ווײַטער. איך וואַרט אויף אַ מיליטערישן צוג. אויף איין אָרט דאַרף מען אָפּלאָדן, אויף אַ צווייטן אָנלאָדן, דאָ אין לעמבעריק דאַרף מען צוטשעפּען נאָך וואַגאָנעס, ס׳איז אַ מעשׂה אויף כ׳ווייס ווי לאַנג. כ׳האָב גערעדט מיטן באַטשאַלניק, כ׳וואָלט אפשר געקאָנט באַצאָלן איינעם פון די באַנטרעגערס, ער זאָל קומען מיר זאָגן ווען דער צוג וועט אָנקומען. אפשר וואָלט איך אויך געקאָנט געפינען אַ תּירוץ אָפּצולייגן מײַן צוריקפאָר

אויף אַ טאָג צוויי. איך האָב אייגנטלעך אַ פּאַרטיקן תּירוץ: עס רינט מיר פֿון דער נאָז, עס פּלאַצט מיר דער קאָפּ. מיר דאַכט זיך, אַז כ׳האָב היץ, אַ קעלט וואַרפֿט מיך ווי אין קדחת.

אָבער פֿאַר וואָס זאָל איך נעמען אויף זיך ריזיקע און צוריקלויפֿן צו דיר אַז דו האָסט מיך באַגלייט נאָר ביז צום טויער און נישט געקומען מיט מיר צו דער באַן?

כ׳ווייס, מע לאָזט נישט איבער אַ קינד אַליין, טאָמער וועט עס זיך איבערוועקן און וויינען. וויל איך דיר זאָגן, אַז מע לאָזט אויך נישט איבער אַ מאַן אַליין אויף אַ פּוסטן וואָקזאַל ווען ער דאַרף צוריקפֿאָרן אין דער מלחמה אַרײַן. דער מאַן קאָן אויך וויינען...

אפשר האָסטו מאָרגן אַ שווערן טאָג, און מיר האָבן דאָך געמיינט אַז דער צוג וועט באַלד אָװעק, איז נישט כּדאַי צוליב די פּאָר מינוט אַדורכגעווייקט צו ווערן אין אַ גאָס רעגן. זאָל איך דיר אויסזאָגן וואָס פֿאַר אַ פּרײַז איך האָב באַצאָלט צו קאָנען זײַן מיט דיר די פּאָר טעג? ניין, ניין, דו וועסט עס נישט פֿאַרשטיין. ס׳איז געווען קעגן יעדער לאָגיק, אַ מענטש מיט אַ טראָפּן שׂכל וואָלט דאָס נישט געטאָן, אַזוי ווי עסטו טראַכטן. און איך בין צופֿרידן, איך בין אַפֿילו שטאָלץ מיט דעם, וואָס מײַן בענקשאַפֿט צו דיר איז געזינטער ווי לאָגיק און שטאַרקער ווי שׂכל.

דאָס איז געווען אַ שלימזלדיקער וויזיט פֿון אָנהייב ביזן סוף. איך האָב געהאַט אויסגערעכנט, אַז כ׳וועל אָנקומען קיין לעמבעריק דינסטיק אין דער פֿרי. איך האָב געטראָגן אויף זיך דעם שטויב, די בלאָטע, דעם פּולווער־ריח און דעם שווייס פֿון פֿראָנט. איך האָב געדאַרפֿט דעם אינדערפֿרי, כ׳זאָל קאָנען אַרײַנגיין אין אַ טערקישער באָד, דערנאָך צו אַ פֿריזירער אויסוואַשן דעם קאַשאַרן־ריח, אָפּגאָלן זיך, אַפֿילו די נעגל אָרומשנײַדן. און ווען מע וועט אַרבעטן איבער מיר, וועל איך דערווײַל כאַפּן אַ דרימל און קומען צו דיר אַן אויסגערוטער, אַן אויסגעצוואָגענער און אַפֿילו אַן אויסגעפּוצטער. איך האָב פֿאַרלוירן טײַערע שעהען פֿון

מײַן אורלויב צו קאָנען מיטנעמען אַ רײנעם מונדיר, אָבער איך האָב אים געוואָלט אָנטאָן ערשט נאָכן סוף פֿון דער לאַנגער נסיעה, און דער עיקר נאָכן אויסבאָדן זיך.

ווייסט דו דאָך וואָס עס איז געשען. דער צוג האָט פֿאַרשפּעטיקט מיט זעכצן שעה, פֿאַרלוירן אַ פֿערטל פֿון מײַן אורלויב און אָנגעקומען אין מיטן נאַכט. חוץ דער צײַט פֿון פֿאָרן צוריק איז מיר געבליבן נאָר צוויי מעת־לעת צו זײַן מיט דיר.

ווײַזט אויס, אַז דראָשקעס וואַרטן בײַ דער באַן נאָר ווען עס דאַרף אָנקומען אַ צוג מיט פּאַרשוינען. איך בין די לעצטע שטרעקע פֿון מײַן נסיעה געפֿאָרן מיט אַ משׂא־צוג, זענען קיין דראָשקעס בײַ דער סטאַציע נישט געווען. איך בין געלאָפֿן דעם גאַנצן וועג אַהיים און צוגעפֿאַלן צו דער טיר אָן אָטעם. עס איז מיר אײַנגעפֿאַלן, אַז דו האָסט אפֿשר נישט באַקומען די טעלעגראַמע אַז איך קום, און דו קאָנסט נאָך אָוועקחלשן ווען וועסט מיך פּלוצלינג דערזען. איך האָב געקלונגען אין דער טיר כאָטש איך האָב געהאַט אַ שליסל און פֿון הינטער דער פֿאַרמאַכטער טיר גערופֿן צו דיר: ,פּעלוש, דאָס בין איך, סטאַך׳.

דו ביסט געקומען צו דער טיר אין דײַן ווײַסן נאַכטהעמד ווי אַ ווײַסער מלאך. איך האָב דיך אַ כאַפּ געטאָן אין די אָרעמס, אָבער אַנשטאָט טוליען זיך צו מיר, האָסטו מיך אָפּגעשטופּט: ,כ׳על דיר צוגרייטן אַ וואַנע, דו שטינקסט׳.

אָ, ווי דעליקאַט מע קאָן זײַן ווען מע זיצט זיך אין אַ ריינער, באַקוועמער היים! אַזוי דעליקאַט אַז מע קאָן נישט אַפֿילו פֿאַר איין מינוט פֿאַרטראָגן דעם ריח פֿון אַ פֿראָנטזעלנער.

איך וואָלט געקאָנט עפּעס זאָגן וועגן דעם, מיטן לשון פֿון אַ פֿראָנטזעלנער, אָבער דו האָסט מיך געלערנט, אַז אַ מענטש מיט קולטור דאַרף אַלע מאָל רעדן איידל. דו ביסט דאָך אַזאַ מענטש מיט קולטור; וואָס האָט עפּעס פּלוצלינג זיך אַרויסגעריסן פֿון דיר אַזאַ שטינקענדיקע פֿראַזע ווי ,דו שטינקסט׳?

אויב דו וואָלטסט געווען אַ פֿרומע, וואָלטסט דו געדאַרפֿט

מאַכן אַ שהחיינו איבער מײַן געשטאַנק. הונדערטער אַרום מיר זענען געפאַלן נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן צו שוויצן און צו שטינקען. טויזנטער קוילן זענען געשאָסן געוואָרן אין מײַן ריכ־טונג און יעדע פון זיי האָט מיך געקאָנט טרעפן. איך בין געקומען צו דיר פון דעם גיהנום מיט אַלע מײַנע גלידער גאַנץ, אָבער מײַן נאָסער, פאַרבלאָטיקטער שינעל האָט פאַרשאָוועט דײַן נאַכט־העמד, און דײַנע איידעלע ליפּן האָבן זיך פאַרקרימט. וואָס איז דאָ געשען אין דער צײַט וואָס איך בין געווען אַוועק, אַז די פרייד פון זען מיך איז נישט געווען גרעסער ווי דער געשטאַנק. דו האָסט מיר אַ מאָל געזאָגט, אַז מע דאַרף זײַן סענסיטיוו צו דעם אַנדערנס שטימונגען און געפילן. ווו איז דײַן סענסיטיווקייט?

אַז גאָט זעצט זיך אויף עמעצן אָן, גייט אַלץ מיט דער פּוטער אַראָפּ. אָפּגעלאָזט דיך, בין איך געלאָפן צו דער שלאָפשטוב אַ קוק טאָן אויפן קינד. פון וואַנען האָב איך געזאָלט וויסן, אַז איך האָב אין גאַס אין עפּעס אײַנגעטרעטן? מײַנע שיך האָבן אויסגע־שטעמפּלט מײַן שלימזלדיקייט איבער אַלע שטובן און איבער דעם שיינעם טעפּעך אין דער סאַליע. דו, וואָס האָלטסט אין איין פריי־דיקן, אַז אַ מענטש דאַרף קאָנען הערשן איבער זיך, ביסט אַרויס פון די כּלים: „ווי קוקט מען נישט ווו מען גייט? ווי ווישט מען נישט אָפּ די שיך איידער מע גייט אַרײַן אין אַ שטוב? צו וואָס ליגט דער טרעטער בײַ דער טיר?"

כ'וועל דיר אויפדעקן אַ סוד: אין זעלנערישע קאַשאַרן ליגן נישט קיין שטרוי־ראָגאָזשעס פאַר דער טיר און אויפן פראָנט געוווינט מען זיך אָפּ פון זאַכן וואָס מע טוט אין דער היים אויטאָמאַטיש. אפשר האָב איך פאַרגעסן אָפּצווווישן די שיך ווײַל ווען איך האָב דערהערט דײַנע טריט אינעווייניק, בין איך געוואָרן אַזוי פול מיט עמאָציעס, אַז איך האָב פאַרגעסן אַלע גוטע מידות וואָס דו האָסט מיך אויסגעלערנט. פאַר דײַן טיר ליגט אַ ראָגאָזשע אָפּצווווישן די שיך. ווו געפינט מען אַזאַ מין ראָגאָזשע אָוועקצולייגן בײַ דער טיר פון דײַן האַרץ, אָפּצווווישן דאָס וואָס אינסולירט דיך פון עמאָציע?

איך האָב גאַנץ אַנדערש זיך אויסגעמאָלן מײַן אַהײם־קומען; איז עס געווען נאָר אַ פּוסטע פּראַנטליניע־פאַנטאַזיע?

צו דעם וואָסער וואָס דו האָסט פאַר מיר אַנגעצאַפּט אין דער וואַנע האָב איך צוגעגאָסן מײַנע טרערן. אויסגעבאָדן זיך און אויסגעוויינט זיך, האָב איך נישט געוווסט וואָס צו טאָן מיט זיך. אָבער דו האָסט געוואָרט אויף מיר אין דער קיך, דו האָסט שוין באַוויזן צוצוגרייטן פאַר מיר עפּעס וואַרעמס. עס איז מיר געוואָרן אַזוי גוט, אַז איך האָב פאַרגעסן אַלע מײַנע טענות.

נאָך דעם ווי דו ביסט אײַנגעשלאָפן נעבן מיר אין בעט, בין איך געלעגן וואַך און געטראַכט. אפשר האָסטו גאָר נישט גערעדט צו מיר אין אַזאַ בייזן טאָן? איך בין צו סענסיטיוו, מײַנע נערוון זענען צו פיל צעשרויפט, עס האָט זיך מיר נאָר אויסגעדאַכט...

צו מאָרגנס בין איך געשלאָפן כמעט אַ גאַנצן טאָג, אָבער אויפגעכאַפּט זיך נאָך אײדער דו האָסט געלייגט דאָס קינד שלאָפן. ס׳קינד האָט מיך נישט דערקענט און געוויינט ווען כ׳האָב עס געוואָלט נעמען אויף די הענט. ,ס׳איז דײַן טאַטוש׳, האָסטו עס דערמוטיקט און עס איז מיר געווען אַזוי גוט צו זײַן מיט דיר און מיט אונדזער קינד און צו הערן ווי דו זאָגסט מיט אַזאַ וואַרעם קול: ,ס׳איז דײַן טאַטוש׳.

לעצן האָט נאָך מער געוויינט ווען כ׳האָב זיך געוואָלט צורירן צו דיר. ,כ׳על נישט אַוועקנעמען בײַ דיר די מאַמע, כ׳וויל נאָר זײַן אַ שטיקל שותף צו איר׳, האָב איך געלאַכט.

דאָס קינד האָט זיך שנעל צוגעוווינט צו מיר און צו מאָרגנס אין דער פרי איז עס אַרײַן אין אונדזער בעט. דו, ווי דײַן שטייגער, האָסט געהאַט וועגן דעם אַ פּרינציפּ און געוואָלט אים אַרויסטרײַבן. כ׳האָב געפּועלט בײַ דיר מיר צו דערלויבן אים צו ,פאַרפּיעשטשען׳. ער איז געקראָכן אויף אונדז ביידע און געלאַכט. און געלאַכט... אומפאַרגעסלעכע שעהען!

אַ ווערטל זאָגט: ,אַלץ איז גוט וואָס ענדיקט זיך גוט׳. איז דאָס פאַרקערטע אויך ריכטיק? איז אַלץ שלעכט וואָס ענדיקט זיך

שלעכט? דער שׂטן האָט געוואָלט, אַז מײַן רוקזאַק זאָל אין דער לעצטער מינוט פֿאַרטשעפּען די קרישטאָלענע וואַזע, יענע היי־ליקע, קרישטאָלענע וואַזע וואָס דײַן מאַמע האָט געירשנט פֿון איר מאַמען און איז אַ קרישטאָלענער באַווײַז, אַז דײַנס איז אַ יִחוס־דיקע, פֿאַרמעגלעכע משפּחה זינט דור־דורות.

דאָס האַרץ איז מיר אײַנגעשרומפּן ווען דאָס איז געשען, איך האָב געטאַמלט פֿאַר דיר ווי אַ געשלאָגענער הונט. איצט, צוויי שעה שפּעטער, בונטעווע איך זיך קעגן מײַן הכנעה. צו אַל די רוחות מיט דער וואַזע! אַ וואַרעם האַרץ איז אַ גרעסערער יִחוס ווי קאַלט קרישטאָל. נישט מײַן מאַמע און נישט מײַן מאַמעס מאַמע האָבן געהאַט קרישטאָלענע כּלים. זיי זענען געווען אָרעמע, קליינשטעטלדיקע ייִדענעס, זיי האָבן געטראָגן געלאַטעטע קליי־דער און אויך זייערע טעפּ זענען געווען מיט לעכער, צוגעלייט מיט אַ ביסל בלײַ. זייער אַריסטאָקראַטישקייט איז געלעגן אין זייערע מידות. צו אַל די רוחות מיט פּוסטע געפּרווירענע מאַניערן וואָס סטעריליזירן די נשמה און פֿאַרפֿרירן דאָס האַרץ, עס זאָל נישט טאָן אַ צאַפּל. זאָל גאָט אָפּהיטן אונדזער לעאָן זאָל אויס־וואַקסן לויט די ריגאָריסטישע כּללים פֿון דײַן טראַדיציע.

אפשר איבער דער צעבראָכענער וואַזע איז דײַן קוש בײַם געזעגענען זיך געווען אַ קאַלטער, ווי וואָלטסט זיך געצוווּנגען עס צו טאָן. וואָס נעם איך איצט מיט זיך, עס זאָל מיר געבן כּוח אין דעם וואָס דערוואַרט מיך אין דער מלחמה? מע דאַרף אַ סך מוט און מע דאַרף ווערן, שטאַרק ווערן אַרויסקומען אַ לעבעדיקער; אויף וואָס קאָן איך האָפֿן בײַ מײַן קומעדיקן וויזיט?

זאָג, אַז איך בין משוגע, אַז איך בין אַן אידיאָט, אָבער כ'וויל דו זאָלסט וויסן ווי אַזוי איך האָב פּלוצלינג באַקומען עטלעכע טעג אורלויב. טאָמער איז מיר באַשערט נישט צוריקצוקומען בעט איך דיך, דערצייל דאָס לעאָנען און זאָל עס אים דינען פֿאַר אַ בײַשפּיל. איך האָב באַצאָלט אַ טײַערן פּרײַז פֿאַר די פּאָר טעג מיט אײַך, איך האָב געבערענגט אַ גרויסן קרבן.

אויף דער פראַנטליניע איז שיסעריי געווען די איינציקע רעאַליטעט, דו און דאָס קינד זענען געווען נאָר מיראַזשן, אַ נישט־רעאַלער חלום. אָבער דער חלום האָט מיר געגעבן כוח צו לויפן ווען די פיס האָבן שוין נישט געטראָגן, צו פעכטן מיט מיַינע צוויי לינקע הענט אין אַ באַיאָנעט־קאַמף. כ׳בין שוין געווען באַגראָבן אויך, ווען אַ גראַנאַט האָט צעשטערט מיַין שוצגראָבן. אַלץ איז צוזאַמענגעפאַלן און איך בין געבליבן אונטער אַ באַרג ערד.

מע האָט מיך אַרויסגעגראָבן און אויף אַ טראָגבעטל מיך געבראַכט צו די הינטערשטע ליניעס. דער דאָקטער האָט געזען אַז איך בין נאָר אין שאָק, אַפילו נישט פאַרווונדיקט. ער האָט מיר געוואָלט געבן אַ טאָג אָפּרו, איך האָב זיך שנעל אויסגעטשו־כעט און פאַרגעלייגט צו נעמען אויף זיך נאָך אַ סכנה — אַן אויס־שפיר־מיסיע הינטער דעם שונאס ליניעס. איך האָב עס געטאָן פאַרן פּרייַז פון אַ וואָך אורלויב, כ׳זאָל קאָנען אַהיימקומען דיך זען.

געווען, געזען, און נישט געזיגט... איך בין ווידער אין אַ שאָק, אָבער נישט פון טויטשרעק, דער טויט איז נישט דאָס שרעק־לעכסטע. איך בין מיד, מיד, מיד, אפשר איז די מידקייט די סיבה פון מיַין ביטערן געמיט, אָבער, מיד ווי איך בין, קאָן איך געפינען אַ טוץ ווערטער שענער און מער טאַקטפול ווי ,דו שטינקסט׳.

איך ווייס אַז איך שריַיב איצט אַ ביטערן בריוו. איך האָב דיך ליב נישט ווייניקער ווי אַ מאָל, אָבער דער פראָנט האָט מיך אָפּגעוווינט פון הכנעה. איך בין איצט אין גרויס ספק צי דו וועסט קאָנען איבערמאַכן אַן אויסגעדיגטן זעלנער, און איך ווייס נישט צי דו וועסט קאָנען מיך אַקצעפּטירן ווי איך בין. אפשר איז עס געווען לייַכטזיניק וואָס מיר האָבן אַזוי שנעל געברענגט אַ קינד אויף דער וועלט.

פעלוש טיַיערע, ליב מיך אַ ביסל. איך ליב דיך אַ סך און שטאַרק, ווי אַ מאָל. ווי אַלע מאָל,

דיַין

סטאַד.״

דער טאַטע האָט געשריבן דעם בריוו אין לעמבעריק אויפן וואָקזאַל, אָבער ער האָט אים נישט אַוועקגעשיקט אין לעמבעריק; ער האָט אים, דאַכט זיך, בכלל נישט אַוועקגעשיקט. לויט די מיליטערישע שטעמפּלען אויפן קאָנווערט, האָט מען דאָס געשיקט צו דער מאַמען ווען דער טאַטע האָט שוין נישט געלעבט, צוזאַמען מיט די אַנדערע זאַכן וואָס זענען געבליבן נאָך אים. דעם טאַטנס נקמה איז אפשר געווען וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין הויז אַ יורש און פאַרטרעטער אין אומגעלומפּערטקייט — מיך.

איך האָב נאָר וואָס געהערט אין ראַדיאָ־נײַעס, אַז ישראל איז אין אַ מלחמה. וואָס וועסטו טאָן איצטער? קום אַהיים, איך בין גרייט אַראָפּצונעמען פון דיר יעדע שולד.

דעם 16טן נאָוועמבער

שוין געשריבן וועגן אַלעם אין דער וועלט, אָבער אַלץ נאָך נישט וועגן דעם עיקר וואָס איך האָב געוואָלט שרײַבן. דו ווייסט שוין, אַז נאָך דעם אומגליק מיט דער מאַמען האָב איך מורא געהאַט אַרויסצוגיין פון שטוב. זאַשאַ איז געגאַנגען ווו מע האָט געדאַרפט און אַפילו ווו מע האָט נישט געדאַרפט... לכל־הפּחות האָט זיך מיר אַזוי געדאַכט. זי איז פאַרשוווּנדן אויף לאַנגע שעהען און גאַנץ אָפט גאַנצע טעג, און אַפילו גאַנצע נעכט נישט געקומען אַהיים. „אונטערערדישע אַרבעט", האָט זי געזאָגט. האָב איך זיך געבעטן: ברענג דײַנע חברים אַהער, פאַר דער אונטערערד בין איך דאָך נישט טריף. איך האָב זי געבעטן קויפן פאַר מיר גוטע אַרישע דאָקומענטן, וועל איך קאָנען גיין מיט איר. מײַנע, האָב איך ערשט איצט זיך געכאַפּט, וועלן נישט אויסהאַלטן קיין אויספאָרשונג; מיט גוטע פּאַפּירן קאָן מען זיך אַרויסדרייען אָן אַ קערפּערלעכער אונטערזוכונג.

זאַשאַ האָט עס מיר צוגעזאָגט יעדן טאָג, אָבער קיין פּאַפּירן נישט גע־בראַכט. זי האָט געהאַט אַ גוטן תּירוץ: שוואַכע פּאַפּירן האָסטו דאָך, דו ווילסט איצט ערשטקלאַסיקע דאָקומענטן און אַזעלכע טרעפן זיך נישט יעדן טאָג.

אפשר וואָלט איך נישט געוואָרן אַזוי אומרויִק ווען נישט אַ קאַלטקייט צו מיר וואָס איז געקומען צוזאַמען מיט דעם אַרומלויפן. „לאָז מיך אָפּ, כ'בין טויט שלעפעריק", האָט זי געזאָגט, ווען איך האָב פּראָבירט זיך

צורוקן צו איר בײַ נאַכט. אַז איך האָב איר געמאַכט פירוואָרפן, האָט זי זיך אָנגעברוגזט און אַוועק מיט אַ קלאַפּ מיט דער טיר. בין איך געוואָרן הכנעה־דיק ווי אַ געשלאָגענער הונט. מיר דאַכט זיך איצט, אַז דאָס האָט געמאַכט נאָך ערגער. דעמאָלט ווען איך האָב געוואָלט זײַן אַ יוסף־הצדיק האָב איך אַליין צוגעטראַכט אַז איך בין נישט קיין וואָזשנער מאַן, מיט מײַן הכנעה האָב איך אַרויסגעוויזן פּחדנות. איין מאָל ווען זי האָט מיר געזאָגט אַז זי גייט אַוועק אויף עטלעכע טעג אין אַ געהיימער שליחות און איך בין צוגעשטאַנען מיטצוגיין, האָט זי אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט שפּאָט: „ווי לאַנג וועסטו האַלטן ס׳מויל אונטער געסטאַפּאָ־פּײַניקונגען, דו — — —״

זי האָט נישט פאַרענדיקט, אָבער כ׳קאָן שווערן אַז כ׳ווייס וואָס פאַר אַ ווערטער עס האָבן זיך געריסן צו איר צונג: „דו פּחדנותדיק יידליקל״, האָט זי געוואָלט זאָגן. איך האָב דעמאָלט זיך אויפגעפירט נישט ווי אַ ייִד, נאָר ווי אַ ייִדענע...

ווען איך האָב זיך געכאַפּט אַז זאָשאַ שוואַנגערט ווידער, בין איך געווען צופרידן, איצט וועט זי נישט קאָנען אַזוי פיל אַרומלויפן. זי איז אָבער ווײַטער אַרומגעלאָפן און מיך האָבן גענומען עקבערן ספקות. זי האָט דאָך געוווסט, אַז זי שוואַנגערט אַ סך פריִער איידער איך האָב עס דערקענט אויף איר, פאַר וואָס האָט זי מיר גאָר נישט געזאָגט? אויב זי איז נישט געקומען צו לויפן עס דערציילן ווי אַ בשׂורה, אויב איך בין געווען דער לעצטער זיך צו דערוויסן, אויב — — —

אַזאַ חשד ווערט געבוירן ווי אַ קליין שנייבאַלעמל וואָס הייבט זיך אָן קאַלערן פון שפּיץ באַרג און וואַקסט, און וואַקסט. איך האָב געפונען טויזנטער סימנים און ראָיות צו מײַנע חשדים, און די ספקות האָבן מיך געפרעסן לעבעדיקערהייט. ווען נישט וואָס איך האָב געדאַרפט ניאַנטשען מאַשינקאַן, ווייס איך נישט וואָס איך וואָלט אָפּגעטאָן. די לאַנגע נעכט אַליין מיט די פאַרשטעלונגען ווו און מיט וועמען זאָשאַ איז, האָבן געטרייבערט די אָדערן אין מײַן לײַב. ערשט דעמאָלט האָב איך רעכט פאַרשטאַנען וואָס דו ביסט אַדורכגעגאַנגען ווען זאָשאַ איז אַוועק צו מיר. מײַן איינציקע גענוגטוונג איז געווען אַז איך באַקום די שטראָף וואָס איך האָב פאַרדינט, איך האָב דערלעבט אַ נקמה אין זיך פאַר דײַנעט וועגן.

זאַשאַ קאָן שרײַען, זידלען, אַפילו שעלטן ווען זי ווערט אין כּעס. דו ביסט אַ מײַסטער פון סאַרקאַזם. וואַרפסט אַרײַן אַ וואָרט, האָט עס באַהאַל־טענע שטעכלערס. עס בלײַבט שטעקן אין מוח, עס בײַסט און זשומעט, לאַנג נאָך דעם ווי דו האָסט שוין פאַרגעסן וואָס האָסט געזאָגט. יעדער פון אײַך האָט זײַן געוועהר זיך אָפּצוּווערן, נוקם צו זײַן. אָבער איך, ווען עס פאַרדריסט מיך עפּעס זייער שטאַרק, ווער איך פאַרשטומט. איך בין אַ „בויכרעדנער" — אַלע קלוגע ענטפערס בלײַבן אין בויך, נישט אַרויסגעזאָגט. אויב איך וואָלט געקאָנט שרײַען, טענהן, פּראָטעסטירן הויך און ביטער גענוג, וואָלט דאָס אפשר געצווּונגען זאַשאַן צו ענטפערן און פאַרענטפערן יעדע טענה, און נישט אויפהערן ענטפערן ביז זי וואָלט מיך אפשר איבערגעצײַגט. אָבער וואָס מער איך בין צעפרעסן געוואָרן פון ספקות און חשדים, אַלץ מער האָב איך געשוויגן. פאַרשטײ מיך, לעאָן, איך האָב דאָך אייגנטלעך נישט געהאַט קעגן איר קיין שום באַווײַזן, און איך האָב פשוט זיך געשעמט אַרויסצוקומען מיט מײַנע חשדים. און צו דעם אַלעם בין איך געווען אַן אַרעסטאַנט אין מײַן אייגן הויז. דרויסן מאַרד, אינעווייניק פאַרראַט, און איך בין געווען אין גאַנצן אָפּהענטיק אָן שום שוץ, אָן שום הילף, אָן שום האָפן...

אַ שוואַכקייט איז מיר אַרײַן אין די פיס, אָדער איך בין סתם געוואָרן פויל. כ׳בין אויפגעשטאַנען פון בעט און זיך געלייגט אויף דער קושעטקע, אויפגעשטאַנען פון דער קושעטקע און זיך צוריקגעלייגט אין בעט. אויפן וועג פון בעט צו דער קושעטקע אָדער צוריק, בין איך אַרײַן אין קיך מיט־נעמען וואָס צו עסן, און כ׳האָב נישט אויפגעהערט קײַען. אין עטלעכע וואָכן בין איך געוואָרן פעט און שלאַבעריק מיט אַ גוידער און אַ בויך ווי אַ שוואַנגערדיקע פרוי. ווען נישט עס איז דאָ אַ קינד אין שטוב, וואָלט איך זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד אין דער קיך נעבן קרעדענץ, כ׳זאָל נישט דאַרפן אויפשטיין אַפילו צו נעמען עסן.

אין גיכן בין איך מיד געוואָרן אויך פון עסן. זאַשאַ איז אַוועק אויף צען טעג. איך האָב נישט געטאָן די האַנט אין קאַלטן וואַסער אַפילו פאַרן קינד, און בין געווען מיד, מיד, צו מיד אַפילו צו טראַכטן. אַרעמע מאַשאַ, וואָס איז דאָס קינד נעבעך שולדיק געווען? אַז איך האָב נישט רעאַגירט אויף איר געוויין, האָט מאַשינקאַ אַליין געפּונען וואָס צו עסן. כ׳האָב זיך נישט

ראַזירט, זיך נישט געוואַשן און אַפילו דאָס קינד זעלטן געריייניקט. האָט מאַשינקאַ מער נישט געוויינט, אָדער איז איר געווייין מער נישט דערגאַנגען צו מיר ? איך בין געווען צו מיד אַפילו צו הערן, אָדער זען וואָס עס טוט זיך אַרום מיר. נייך, איך דערמאָן זיך אַז איך האָב יאָ געזען און געהערט, אָבער עפּעס איז קאַליע געוואָרן אין מײַן נערוון־סיסטעם, די אויגן און אויערן האָבן נישט איבערגעשיקט די סיגנאַלן וואָס וואָלטן מיך באַוועגט עפּעס צו טאָן. עס איז געקומען אַ מאָל אַ מינוט פון קלאָרן געדאַנק ; אין אַזאַ מינוט האָב איך געטראַכט וועגן מאַכן אַ סוף איידער איך גיי אין גאַנצן אַראָפּ פון זינען, אָבער איך בין געווען צו מיד דאָס צו טאָן.

אַזוי ווי איך האָב פריִער נישט געקאָנט אויפהערן עסן, אַזוי האָב איך איצט גאָר נישט געקאָנט נעמען אין מויל. באַוועגן די קינבאַקן איז געווען אַ צו שווערע אַרבעט פאַר מײַנע כּוחות. אַז כ׳האָב נאָר אַ טראַכט געטאָן וועגן שפּײַז, איז מיך באַפאַלן אַ מיגל. אַז כ׳האָב בלויז געטראַכט וועגן אַראָפּ־שטעלן אַ פוס, האָט מיך שוין באַדעקט אַ שווייס.

דאָס זענען אַלץ סימנים פון אַ פּסיכישער קרענק, אָבער דער געדאַנק איז געווען געוונג קלאָר צו טראַכטן וועגן זאַשאַן, ווו זי איז, מיט וועמען זי איז, און וואָס עס טוט זיך דאָרט. ווען עס איז מיר אײַנגעפאַלן, אַז אויב זי וויל קאָן זי מיך אָפּסמען און אין גאַנצן פּטור ווערן פון מיר, האָב איך געהאָפט און געבעטן זי זאָל עס טאָקע טאָן. דאָס איז געווען די בעסטע מינוט אין די לאַנגע גיהנומדיקע צען מעת־לעת. איך בין גיך מיד געוואָרן אויך פון שפּײַזן זיך מיט אַזעלכע „גוטע״ האָפענונגען, איך בין בכּלל מיד געוואָרן פון טראַכטן. טראַכטן האָט געבראַכט פּײַן, בין איך אַנטלאָפן דערפון.

ווען זאַשאַ איז צוריקגעקומען, האָט זי זיך דערשראָקן פון דעם מושב וואָס זי האָט געפונען. זי איז אַרײַנגעלאָפן אין שלאָפשטוב מיט אַ געשריי :

„באַלעק ?״

„כ׳בין קראַנק״, האָב איך קוים אַרויסגעקרעכצט.

זי איז צוגעקומען צום בעט, צערטלעך אַרויפגעלייגט אַ וואַרעמע האַנט אויף מײַן קאַלטן שטערן, און טרערן האָבן אַ פּלייס געטאָן פון מײַנע אויגן. ס׳קינד האָט דערהערט דער מאַמעס קול און זיך צעוויינט. זאַשאַ איז געלאָפן צום קינד.

ווען זי איז צוריקגעקומען, איז זי געבליבן שטיין אין דער טיר: „כ׳האָב פאַר דיר אָפּגעקאָכט אַ גרויסן טאָפּ קרופּניק איידער כ׳בין אַוועקגעפאָרן״.

„כ׳האָב געזען״.

„ס׳שטייט דאָרט נישט אָנגערירט, פאַרשימלט״.

„כ׳קאָן נישט עסן״.

זי איז לאַנג געשטאַנען אין דער טיר און געקוקט אויף מיר דורכ־דרינגלעך. פּלוצלינג האָט זי אַ שפּרונג געטאָן צו מײַן בעט, אַ שלעפּ אַראָפּ געטאָן די קאָלדרע וואָס האָט מיך צוגעדעקט און אַ געשריי געטאָן: „אַרויס פון בעט!״

„כ׳בין קראַנק״.

זי האָט אָנגעכאַפּט מײַן האַנט און מיך אַ שלעפּ געטאָן מיט כּוח. איך האָב זיך דערשראָקן פאַר איר כּעס און אַליין איבערראַשט געוואָרן ווי שנעל איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט.

גייט זי מיך אַרויסטרײַבן? כ׳בין דאָך נאַקעט! מײַנע הויזן זענען געלעגן אויף דער ערד נעבן בעט, כ׳האָב זיך געאײַלט זיי אָנטאָן און בין אַרײַנגעשפּרונגען מיטן רעכטן פוס אין דער לינקער הויז. כ׳האָב זיך אַ וואַקל געטאָן, מײַנע פיס האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט אין די הויזן. כ׳בין שיִער נישט געפאַלן, אָבער זי האָט מיך נישט אונטערגעהאַלטן. זי איז ערגער ווי אַ נאַצי, האָב איך געטראַכט, זי וועט מיך איצט זיכער אַרויסטרײַבן.

„איך מוז אַרויסגיין אײַנקויפן. קאָנסט זיך דערווײַל וואַשן, כ׳האָב צוגעשטעלט וואַסער צו וואַרעמען״, האָט זי געזאָגט מיט אַזאַ רויִקייט ווי עס וואָלט גאָרנישט געהאַט געשען.

איידער זי איז אַרויס, האָט זי מיר צוגעוואָרפן אַ וואַרעמען בליק און איך האָב ווידער גענומען טראַכטן וועגן נעמען זיך דאָס לעבן, דאָס מאָל פון חרפּה.

✶

האָב איך דיר שוין געשריבן, אַז דער טאַטע האָט געוואָלט שטאַרבן? פון וואַנען איך ווייס? איך ווייס עס, ווײַל איך קען דעם טעם!

אויב זאַשאַ האָט געהאַט אַ געליבטן, איז ער געהרגעט געוואָרן, אָדער סתּם נעלם געוואָרן בײַם סוף פון דער מלחמה. אַכיבע דאָס איז געווען אַ

פֿאַרשוין וואָס האָט נאָר געוואָלט אָפּלעקן אַ ביינדל, אָבער נישט נעמען אַ ווײַב.

ווען די רויטע אַרמיי האָט באַפֿרײַט לעמבעריק, איז זאָשאַ שוין געווען אין די הויכע חדשים. זי איז איצט געווען נאָר מיט מיר, אָבער די ביטערע זכרונות האָבן נאָך אַלץ געטאָטשעט ווי אַ וואָרעם. ווען דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן, האָבן אַלע געזאָגט אַז עס זעט אויס ווי איך, און וואָס עלטער עס איז געוואָרן האָבן אַלע געזען מער ענלעכקייט צו מיר. עס איז געוואָרן שלום אין הויז, אָבער די גרויסע ליבע איז מער נישט צוריקגעקומען.

פּלוצלינג איז אָנגעקומען דײַן בריוו און שפּעטער דער אַפֿידייוויט. זאָשאַ איז געווען נישט ווייניקער איבערראַשט און נישט ווייניקער צופֿרידן ווי איך. אָבער ווען מע האָט אונדז גערופֿן אין אַמעריקאַנער קאָנסולאַט, האָט זאָשאַ באַקומען קאַלטע פֿיס; אויב מיר וועלן גיין, וועלן מיר פֿאַרלירן אונדזערע פּאָסטנס, אָבער אַרויסלאָזן וועט מען אונדז סײַ ווי נישט. נאָך אַ סך טענות איז זי געגאַנגען מיט מיר אין קאָנסולאַט. אַמעריקע איז גרייט געווען אונדז אַרײַנצולאָזן, אָבער וואָס שייך אַרויסלאָזן, ווייסטו דאָך. מיך האָט מען אַרויסגעלאָזט ווײַל כ'בין געבוירן געוואָרן ווען די מאַמע איז געווען אויף זומער־וווינונג אין אַ שטעטל וואָס איז אויף יענער זײַט פּוילישער גרענעץ. איך האָב זיך קיין מאָל נישט אָפּגעזאָגט פֿון דער פּוילישער בירגערשאַפֿט, כאָטש דאָס האָט מיר געשטערט צו באַקומען אַ גוטן פּאָסטן. בנוגע זאָשאַס אוקראַיִנישקייט זענען נישט געווען קיין שום ספֿקות.

אייגנטלעך ווייס איך נישט גענוי וואָס עס איז געשען. פֿון מײַנע אַמאָליקע חשדים זענען געבליבן קוים אַ שאָטן פֿון אַ שאָטן; מיר גרייטן זיך פֿאָרן קיין אַמעריקע, פּלוצלינג זאָגט זי, אַז זי פֿאָרט נישט. איז טאַקע געווען אַ געליבטער און ער איז צוריקגעקומען? אפֿשר איז נאָך פֿאַר מײַן אַוועקפֿאָרן צוגעגרייט געוואָרן אַ נעץ כּדי איך זאָל אַרײַנפֿאַלן אין שפּיאָנאַזש? האָט זאָשאַ אין דעם קאָאָפּערירט?

זינט זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון אַוועקפֿאָרן, איז זי געוואָרן אַן אַנדערער מענטש. אין די ערגסטע צײַטן בעת דער מלחמה איז זי נישט געווען אַזוי ביטער. זי האָט גערעדט מיט חוזק וועגן מיר און וועגן דיר און בכלל אַרײַנגעפֿאַלן אין אַנטיסעמיטישע טענער. ווען איך האָב זיך אײַנגעשפּאַרט,

אַז ביידע קינדער זאָלן פאָרן מיט מיר, האָט זי אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ באָמבע: „בעלאַ איז נישט דײַן!"

אַ יאָר שפּעטער האָט זי מיר געשריבן, אַז זי האָט דאָס געזאָגט נאָר פון כּעס וואָס כ'האָב געוואָלט צונעמען ביידע קינדער. זי האָט איצט מיך געבעטן, איך זאָל מאַכן נײַע באַמיִונגען אַריבערצוברענגען זי מיטן קינד.

דו, לעאָן, האָסט דאָך געזען פאָטאָגראַפיעס פון בעלאַן; איאָ, זי זעט אויס ווי איך? אָבער פאַר וואָס האָט זאַשאַ געוואָלט בלײַבן נאָר מיט בעלאַן און קיין מאָל נישט פּראָבירט פאָדערן מאַשאַן?

דעם 5טן פעברואַר 1957

נאָר וואָס געלייענט אין דער טײַמס, אַז דו ליגסט אין עפּעס אַ ביילינסאָן־שפּיטאָל און עס האָלט דערבײַ, מע זאָל דיך צוריקשיקן. איך מוז נאָך הײַנט גיין צום פּראָקוראָר און אַלץ דערציילן. איך איַיל אָוועקצושיקן דעם בריוו. קום אַהיים, דאָ וועט אַלץ זײַן גרייט פאַר דײַן רעהאַביליטאַציע.

דײַן

בערנאַרד.

## XXXIII

לעאָן האָט געפילט, אַז עמעצער פאַרקעט זיך איבער אים. ער האָט געעפנט די אויגן און געזען די קראַנקן־שוועסטער טשעפּעט צו אַ נײַע פלאַש מיט בלוטפּלאַזמע. וואָס גייט עס זיי אַזוי אין לעבן אים צו ראַטעווען? די אויגן־לעפלעך זענען אַזוי שווער, זיי זענען אַראָפּגעפאַלן און זיך געשלאָסן. די שוועסטער האָט עפּעס געזאָגט וועגן אַ בריוו פון בערנאַרדן. טײַערע בערנאַרד און מאַשאַ, איך שטעל מיר פאָר ווי איר לײַדט פון די ידיעות וועגן מיר; זײַט מיר מוחל. אויב איך וועל נישט צוריקקומען צו די כּוחות, נעמט עס זיך נישט צום האַרצן. איך האָב שוין אָפּגעלעבט מער ווי די דאָקטוירים האָבן מיר געהאַט צוגעזאָגט. און, מאַשאַ, טעד איז גוט פאַר דיר. פאַרט זיך באַזעצן אין ישׂראל. און די צען טויזנט פון מײַן לעבן־פאַרזיכערונג צו מאַשאַן. נישט אין גאַנצן, אפשר אַ צוויי־דרײַ טויזנט צו דעם אינוואַליד אין תּל־אָביב, בײַ וועמען איך האָב געוווינט.

די קראַנקן־שוועסטער וואָלט עס באַדאַרפט אויפשרײַבן פאַר אים, אָבער ער איז אַזוי מיד. מע קאָן שטאַרבן, נאָר מע לאָזט נישט. ער איז מיד, מיד. ער איז אין אַ שיפל. אויב ער וואָלט נאָר פאַרקלאַמערט די הענט אַרום די רו־דערס, וואָלט ער —— ער איז מיד, מיד. נאָכלאָזן די רודערס און זאָל דער שטראָם אים טראָגן אַהין, אַהער, נישט אַהין און נישט אַהער, ער איז מיד, מיד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עמעץ זאָגט „קאָמפּליקאַציעס". ער איז אַ מיליאָנער אין ווײַסע בלוט־קײַקעלעך, ער האָט די גרעסטע אַרמיי קעגן אינפעקציעס. ניין, זײַנע ווײַסע קײַקעלעך זענען קליין און שוואַך, אַן אַרמיי פון קאַרליקעס קעגן געזונטע מיקראָבן און ווירוסן. זאָלן זיי זיך שלאָגן, די לוקעמיע־פאַרפעסטעטע קײַ־קעלעך מיט די מיקראָבן. ווער עס זאָל נאָר געווינען, ער האָט נישט וואָס צו פאַרשפּילן. אַ חלום דערנענטערט זיך ווי אַ גרויער וואָלקן. ער קאָן אַרײַנ־טויכן דערין, ער קאָן אויך אַוועקרוקן זיך און עס אויסמײַדן. ער ליגט נאָר און וואַרט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז בלוי און עס איז גרין, ס'איז פרילינג אויפן „זאַמעק". עס מוז שוין זײַן אַכט. ער דערקענט די וואָס קומען אָן, זיי זענען פון דעם „אידיאָטן־קלוב" און זיי קומען זיך צוזאַמען, ווי יעדן פרימאָרגן, דאָ אין פּאַרק אויפן באַרג איידער זיי גייען צו זייערע געשעפטן. זיי קומען זיך צוזאַמען ווײַל זיי האָבן ליב דעם באַרג, און דעם פּאַרק, און זייער שטאָט לעמבעריק. ער האָט אויך זײַן קלוב וואָס האָט ליב דעם „זאַמעק", וואָס טרעפט זיך דאָ יעדן פרימאָרגן פאַרן גיין אין אוניווערסיטעט. אין זײַן קלוב זענען פאַראַן נאָר צוויי, ער און זאָשאַ. אָט קומט זי. ער לויפט איר אַקעגן. ער לויפט און לויפט, בלײַבט אָן אָטעם, און קומט נישט נענטער. אַ ווינט נעמט בלאָזן. כמאַרעס, גרוי, טונקל, נאַכט. ער איז אַליין אויפן באַרג. פון צווישן די ביימער אויפן „זאַמעק" זעען די ליכטער פון שטאָט אויס ווי ווײַטע שטערן. ער הייבט זיך אויף און שוועבט צו די שטערן. ניין, ער הייבט זיך נישט, ער זינקט אַראָפּ. ניין, ער זינקט נישט, ער ליגט און זעט ווי אַלץ שוועבט פאַרבײַ, ווי אויף אַ פילם־לענטע. אַ ווינט גיט אַ בלאָז, רײַסט אַראָפּ דאָס סטודענטישע היטעלע פון זאָשאַס קאָפּ. דער פילם־פּראָיעקטאָר פאַרהאַלט

זיך. אַ רויט־ווײַס היטעלע בלײַבט הענגען אין דער לופט אין מיטן פאַלן. דער פּראָיעקטאָר האָט זיך פאַרהאַלטן נאָר אויף אַ רגע און באַוועגט זיך שוין ווידער, אָבער די בילדער האָצקען און צאַנקען ווי דער פילם וואָלט געווען שלעכט אַרײַנגעשטעלט. די קאָלירן צעשפּרייטן זיך, צעשווימען זיך. ער ליגט אָן באַוועג, אָבער אַלץ איז אָנגעשפּאַנט אין געראַנגל פאַר יעדן אָטעמצוג. דאָס צאַנקען איז אַרויס פון פּראָיעקטאָר און איז אַרײַן אין האַלדז. טאָקע אין האַלדז האָט די פילם־לענטע געפּלאַצט און געבליבן שטעקן. נאָר די לענטע איז געבליבן שטעקן, ער האָט זי אַריבערגעשפּרײַזט און אַרויס. ער שוועבט אויבן און קוקט אַראָפּ אונטן, אויפן נאַכטטישל ליגט נאָך אַ בריוו פון בערנאַרדן. ער וויל אויסשטרעקן די האַנט און נעמען דעם בריוו, אָבער די האַנט ליגט אונטן אויפן בעט פאַרטשעפּעט מיט גומענע רערלעך צו אַ רויטער פלאַש.

רויט, געל, גרין, בלוי. שאַרפע ליכטיקע קאָלירן ווירבלען, טויכן איינס אין אַנדערן אַרײַן און מישן זיך אין אַ פיל־קאָליריקער כוואַליע. די כוואַליע הייבט אים אונטער און טראָגט אים לײַכט ווי אַ פעדער אַרויף, אַרויף, און דערווײַטערט אים פון דעם, וואָס ליגט נאָך אַלץ אונטן אויפן בעט און ווערט קלענער, קלענער, קלענער...

---

ערגעץ אין אַ צײַטונג־דרוקערײַ האָט אַ לינאָטיפּ נאָך אויסגעגאָסן הייסע בלײַענע שורות מיט פּראָטעסט קעגן אַרויסשיקן לעאָן טאַרנאָווסקין. אין דער טיר פון זײַן צימער האָט זיך באַוויזן אַ שפּיטאָל־דינער מיט אַ פלאַש בלוטפּלאַזמע. די קראַנקן־שוועסטער וואָס האָט געוואַכט איבער אים, האָט אַ דריי געטאָן מיט דעם קאָפּ אין דער ברייט.

סוף.